# CONTROL TEST TARGET
## for Kodak Quality Monitoring















Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww Xx Yy Zz
Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww

Note: This target is intended for routine quality control checking and uniformity.
It is not to be used for certification of meeting any ANSI or ISO Standards for image quality requirements.
Note: To record background density, use a blank sheet of white paper.

A-2289 CAT 800 7403 Rev. 2/00 @ Eastman Kodak Company, 2000 Printed in U.S.A.

Document Imaging
EASTMAN KODAK COMPANY
Rochester, New York 14650
1-800-232-8811

DOCUMENT IMAGING



Katz, Tuvya.
Kenig Shaul : historishe drame in 4 aktn.
Stanislavov, 1936.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005-1896.10

**Katz, Tuvya.**
Kenig Shaul : historishe drame in 4 aktn.
Stanislavov : Muz. dram. fareyn Goldfadn, 1936.
111 p.

1. Yiddish drama.--lcsh
I. Ukraine-Ivano-Frankovsk

ID : NXYH01-B22380 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /29421

Reduction ratio X 10.0

טוביה כ"ץ

# לעביג
# ןשארל

דראמע

אין 4 אקטן

טוביה כ"ץ

# קעניג שאול

היסטאָרישע דראמע אין 4 אַקטן.



ערשטע אויפלאַגע.

מיין אלטן פריינד,
דעם דאקטאר מ. כמעלניצקי,
פונם מחבר


סטאַניסלאַוואָו.
1936
פאַרלאַג:
מוז. דראַמ. פאַריין „גאָלדפאַדן"

# קעניג שאול

I. אַקט.



Tobiasz Katz.

# KRÓL SAUL

dramat historyczny w 4 aktach



Wydanie pierwsze.

פארשוינען פון ערשטן אקט:

שאול.
די ווארזאגערן.
אילה, איר דינסט.

# ערשטע סצענע.

געצעלט פון דער ווארזאגערן
די וואַרזאַגערן און שאול.

## די ווארזאגערן:

(אויף דער בינע איז פינסטער. געהילט אין שווארצן ביי א ברענענדיק אויוועלע זיצט די ווארזאגערן. ביים אפשיין פון דעם אויוועלע-פייער זעט זיך איר פנים. זיצט אומבאוועגלעך. קוקט שטאר פאר זיך אין דער ווייט. נעמט אפיר א האנט, מיט וועלכער זי זשעסטיקולירט און זינגט):

דורך מיין קליין געצעלט
זעה איך די גאנצע וועלט —
מזרח, מערב, דרום, צפון
יעדן מענשענס לייד און האָפן.
נאָר איך אַליין קען דורך די נעכט נישט שלאָפן,
די נעכט ווי טיף און שוואַרץ,
טיף-שוואַרצער איז מיין האַרץ.
פון בענקעניש גייט אויס,
ווי אָן זון-ליכט די רויז.

(ס'הערן זיך טריט אויף יענער זייט געצעלט)

מ'גייט! מ'קען נאָך הערן
מיין קלאָג-ליד. עס קען מיר שטערן. (בלייבט שטיל)

## שאול:

(פון דער רעכטער זייט ביגע קומט אן שאול — ווי אריינגעפאלן, ווי נישט הא־בנדיק קיין צייט. געקליידט אין א קאסטיום צום וועטקאמף גרייט, דורך וועלכן ס'איז בולט זיין אטלעטיש געבויטער קערפער. טראגט א שפיז מיט א שילד. גלייכצייטיק מיט זיין אריינקומען פאלט אויף אים פון אנטקעגן א זון־ליכט, וואס מאכט דעם רושם, ווי ער וואלט דאס ליכט מיט זיך מיטגעבראכט. וואס נענטער ער קומט, אלץ ליכטיקער ווערט)

גאָט העלף דער ווארזאגערן פון יהודה!

## די ווארזאגערן:

גאָט העלף דעם גאַסט פון מיין געצעלט!

## שאול:

ווער האָט דאָ אַזוי אומעטיק געזונגען?
ווי עמעץ וואָלט מיט זיך אַליין גערונגען.

## די ווארזאגערן:

שיין געזאָגט, געלונגען.

(פארגאפט פון שאול'ס שיינקייט)

קום נענטער, זון־ליכט, שענסטער פון די יונגען!
באגייסטערט
ווי די צעדערן פון לבנון הויך און שלאַנק,
אַ מאַן ווי אויסגעמאָלט אין דער פרוי'ס געדאַנק,
שיין און שטאַרק, אַטלעטיש פעסט געבויט,
אייגן וואַרם, קוקן פול פארטרויט.
פול ליבע, לוסט, איבערגעבנקייט און מוט,
איידעלע מאַנירן — און פרויען־האַרציק גוט.

— — — — — — — — — — — — — —

נאָר וואָס קוקן דיינע אויגן אַזוי באַנק?
יונגער מענטש, זאָג, וואָס איז דיין פאַרלאַנג?



## שאול:

(פון אונטערן געצעלט הערט זיך טראמפייטן־שאל)

שמעטערט די לופט,
טראָמפייט רופט.
אַ וועט־קאַמף איז היינט וועגן דער האַנד
פונם שענסטן מיידל אין אונזער לאַנד.
און דאָס איז מיין געליבטע און די ריוואַלן מיינע פיינט.
ווען איך זיג נישט היינט
האָט מיין לעבן מער קיין זין.
זאָג־זשע, צויבערין!
וועל איך אין וועט־קאַמף זיגן?
וועל איך מיין ליבסטע קריגן?
אָדער די ריוואַלן
און איך וועל פאַלן.
זאָלסט מיר דעם גאַנצען אמת זאָגן,
איך האָב כח דעם אמת צו פאַרטראָגן,
און — בכלל צו וועל איך האָבן גליק אין לעבען?

## די ווארזאגערן:

צו ערשט מוזטו דעם אבצאל געבן.
מיין וואָרט זאָל פריי זיין, אומדערשראָקן, דרייסט.
מיין גייסט זאָל זאָגן אלץ וואָס זעט און ווייסט.

(שאול לייגט אנידער דעם שפיז און שילד. ווארפט אריין געלד אין א ערדענע כלי. דאס געלד קלינגט. די ווארזאגערן נעמט שאול'ס שפיז און שילד. לייגט עס אין א זיכערן ארט, אויף דער אנדערער זייט פון איר זיך־פלאץ. זי שטעלט ארויף א טאפ אויפן פייער־אויוועלע. מישט מיט א לעפל. דער טאפ הייבט אן זידן. קוקט אריין שטארק אינווייניק פון פארשידענע שטעלן. רעדט צעצויגן, ווי אין טראנס).

וועסט האָבן גליק, ווו דו וועסט זיך קערן, ווענדן.
איך זעה אַ נביא־גאַרטל אויף דיינע לענדן.
אויף דיין קאָפּ אַ קעניג־קרוין מיט א לאָרבער־קראַנץ,

ווי אַ העלד געפייערט פון דיין פאָלק מיט פראַכט און גלאַנץ.
וועסט האָבן זין און טעכטער און אַ שיינע פרוי,

[בלייבט שטיל. פארטראכט. מיט א געענדעטער שטים).

נאָר... דיין קאָפּ געבויגן, אַלט און שווער און גרוי.
אַ גיהנום-פייער אין די אויגן ברענט.
און מיט יאוש הענגען מיד אַראָפּ די הענט.

### שאול:

(וואס האט אויסגעהערט אירע רייד מיט אראפגעלאזטן קאפ, קומט לאנגזאם אין א שטייגענדער אויפרעגונג)

האָבן גליק און נישט גליקלעך זיין?
טרינקען ווין און נישט פריילעך זיין?
פרויען-ליבע און נישט צופרידן זיין?
זיין אַ נביא און פול מיט זינד?
האָבן קעניגס-מאַכט און שוואַך ווי אַ קינד?
אַזאַ לעבן איז מיר באַשערט?!!
אפשר האָב איך נישט גוט געהערט?
נישט פאַרשטאַנען גוט דעם זין
פון דיינע רייד,? זאָג צוויבערין!
אפשר זעסטו פאַלש דאָס בילד?
קוק גוט אַריין! דען עס מאַכט מיר ווילד.
רויבסט מיר וועק מיין יוגנט-פרייד.
וואָרזאָג נאָך אַמאָל! וואָס שווייגסטו, רעד!

### די וואָרזאָרגערן:

גליק — שווער עס צו דערגרייכן, נאָך שווערער צו דער-האַלטן.
מיט גליק מוז מען קענען קלוג פאַרוואַלטן!



### שאַול:

איך וועל בערג אויסרייסן, פעלזן שפּאַלטן!

### די וואָרזאָגערן:

מיט קראַפט קען מען מאַכט זיך נעמען.
גליק מיט פיינעם, עדעלן באַנעמען.
מ'מוז ליידנשאַפטן קענען צוימען.
מ'מוז וויסן ווו, ווער און ווען.

### שאול:

און ווען איך וועל מיין ליבסטן האָבן
וועל איך נישט גליקלעך זיין?

### די וואַרזאַגערן:

(קוקט אין טאפ אריין]

איך זעה פליען שוואַרצע ראָבן.

### שאול:

(דערשראקן)

וואָס זאָל עס פאַר א סימן זיין?

### די וואַרזאַגערן:

נישט דיין סימן, נישט דיין!
געזען מיינע טעג אַריבערציען.

### שאול:

(באטראכט ערשט איצט גוט איר פנים)

וואָס טוען דיינע אויגן אַזוי גליען?

### די וואַרזאַגערן:

(קוקט אין אים שטארק אריין]

ווילן אָנצינדן די בלוטן פון אַ מאַן?

**שאול:**

און דאָן ?

**די וואָרזאָרגערן:**

וועלן צוויי מענטשן גליקלעך זיין.

**שאול:**

און דו ווייסט נישט ווו ער איז ?

**די וואָרזאָגערן:**

ער שטייט אין זונען-שיין
און דאָס גליק וואַלגערט זיך פאַר זיינע פיס.

**שאול:**

דו רעדסט אַזוי זיס,
ווי מיין געליבטע אחינועם רעדט.

**די וואָרזאָגערן:**

אַ פאַרליבטער רעדט שיין ווי א פראָפעט.

**שאול:**

ביזט פאַרליבט, קענסט ערשט מיין האַרץ גוט פילן.
זאָגזשע וועט מיין שפיז היינט ריכטיק צילן ?
זאָג קורץ און קלאָר.

**די וואָרזאָגערן:**

איך זאָג אַלץ וואָס ס'איז וואָר.
עס לויפט דאָס גליק דיר נאָך, נאָר...

(טראמפעטן-שאַל רופט צום וועט־קאמף)



**שאול:**

(איילנדיק]

זעסט דעם קולאַק דעם געבאַלטן
ווען איך האָב גליק, וועל איך עס פעסט שוין האַלטן.
ער וועט שוין העלפן. ער וועט שוין זיגן.
ווי אָבער ווען דו זאָגסט ליגן !

(שאול אפ.)

# צווייטע סצענע.

ווארזאָגערן און אילה

## די ווארזאגערן:

(נעמט אפיר די שילד און שפיז וואָס שאול האָט פאַרגעסן)

כאַ, כאַ, כאַ... כאַ, כאַ, כאַ.., כאַ, כאַ, כאַ..,
שילד און שפיז נישט מיטגענומען.
אַ גוטער סימן, א גוטער צייכן.
כ'וועל מיין ציל נאָך היינט דערגרייכן.
ער וועט נאָך קומען, ער וועט נאָך קומען.
כאַ, כאַ, כאַ.., כאַ, כאַ, כאַ... כאַ, כאַ, כאַ!
אילה! אילה! שנעלער, אילה!

## אילה:

(קומט אריין, שייערנדיק א גרויסן קופערנעם שפיגל)

כ'בין דאָ.

## וואַרזאָגערן:

ברענג שנעל די שענסטע דיוואַנען, די פיינסטע בלומען.
זיידענע קישענס און ליינענע דעקן.
די טייערסטע בוימלען און גראָזן וואָס שמעקן.
אַ גרויסער גאַסט וועט באַלד צו מיר קומען.



(צערטלענדיק אילה'ן)

דער שענסטער מאַן פון דער וועלט.
ווערן אַ פּאַלאַץ מוז באלד מיין געצעלט.
און ווייך ווי וואסער געגאָסן,

(סודות'פול שטיל צו אילה'ן)

און ער וועט זיין מיין חתן!—

(נאָך סודות'פולער)

ברענג דעם ווין וואָס באַרוישט און שלעפערט איין.

(אילה לאָזט צוריק דעם שפיגל. לויפט ארויס ברענגן די זאכן)
(די וואַרזאָרגערן קוקט אין שפיגל)

אַ שרעקלעכע געשטאַלט.
ווי אַנדערש וועל איך אויסזען באַלד.

(וואַרזאָרגערן אָפּ,)

## אילה:

(קומט אריין און גייט ארויס, ברענגענדיק די זאכן, רוימט. הענגט אויס דיוואַנען אויף די ווענט און לעגט אויף די ערד. אויפן אָרט פונם אריוועלע, וואָס ווערט ארויסגעטראָגן, גרייט צו א טיש, ברעגגט קריגלען מיט בוימלען שטעלט זיי אויס (אין די ווינקלען מיט שמעקנדיקע רויכערנדיקע גראָזן. בשעת דער ארבעט זינגט זי

זעט בחורים אַלע
אַ צניעות'דיקע כלה.
קוקט נישט, צי די כלה איז שיין.
א גוט האַרץ — דער בעסטער חן!

(ווען אַלץ איז פארטיק, באַטראַכט זי און באַוווּנדערט די ענדערונג, באַזונדער די טאָרטן)

איך וואָלט אַליין אויך וואָס גענאָסן.
גאָט, ווען וועט קומען אויך מיין חתן?

(אילה אָפּ.)

### די וואָרזאָגערן:

(קומט אריין געהילט אין א בלויען דורכזיכטיקן איבערווורף, דורך וועלכן זעט זיך איר שטארק דעקאָלטירט און אנטבלויזטער קערפּער, מיט לאַנגע צעלאָזטע שווארצע האָר, איבערגעבונדן מיט זיידענע בענדער. קאָקעטירט פארן שפּיגל.)

וועט ער מיך דערקענען?

(זעצט זיך אויפן בעט מיט זיידענע קישענס)

אַזוי וועל איך זיצן,
וואָרפן אויגן-בליצן
און די בלוטן זאָלן ברענען.

(קוקט זיך ארום אומרויק און געשפּאַנט)

דוכט זיך, מ׳גייט!

(שפּרינגט אראָפּ פונם בעט, לויפט צו דער עפנונג קוקן צו מ׳גייט)

אילה! אילה!

### אילה:

כ׳בין דאָ.

### וואָרזאָגערן:

ווען דו זעסט אים גיין,
קום גלייך מיר זאָגן.

### אילה:

(דרייט זיך אום צום אוועקגיין. צו זיך אליין)

איז זי אַזוי שיין
און אַזוי צוטראָגן!

(אילה אָפּ)

(אילה לויפט באלד אריין צוריק)

ער גייט, ער לויפט.

(אילה אָפּ.)

## דריטע סצענע

וואָרזאָגערן, שאול, אילה.

### וואָרזאָגערן:

(שטארק באַפאַנגען פּראָבירט אויס פארשידענע פּאָזיציעס און פּאָזעס, אים צו עמפּאַנגען)

אַזוי וועל איך זיצן. ניין. איך וועל שטיין.
ניין. איך וועל אים אַנטקעגן גיין.
לויפן מיט אָפענע ארמס, מיט אויסגעשטרעקטע הענט.
מיט אָפענע ליפּן פון ליבע דורשט פאַרברענט.

(לויפט אזוי צו דער עפנונג פונם געצעלט. שאול פאלט אריין אין געצעלט פאר־סאָפּעט, פארשוויצט, גלייך אין אירע אָרמס. שטויסט זי אינסטינקטיוו צוריק.)

### שאול:

(קוקט זיך ארום, רייבט זיך די אויגן)

וואָס איז דאָס פאַר אַן אויגן-געבלענד?

(דערזעט ערשט דער וואָרזאָגערן)

ס׳אַראַ ווייסע הענט!

(גלעט זי)

ס׳אַראַ שוואַרצע האָר!
קוים דערקענט!
איז דאָס אַ חלום אָדער וואָר?

### וואָרזאָגערן:

איך וואַרט אויף דיר שוין צוואַנציק יאָר!

(פירט שאולן צו צום בעט. ווישט אים דעם שווייס פונם פנים. רופט)

אילה! אילה!

### אילה:

כ׳בין דאָ.

### וואָרזאָגערן:

ברענג אַריין אַ שיסל קאַלט וואַסער.

(אילה אָפּ.)

(די וואָרזאָגערן גיסט אים אָן וויין און שאול טרינקט. זי וואַשט אים די פיס מיטן קאַלטן וואַסער. שאול ווערט וואָס אַמאָל מער באַרויִשט און צו זיך אין דער ווייט)

ווי גוט. ווי קיל.
גליק אַזויפיל.

(מאַכט אַ שטעלונג, ווי ער וואַרפט דעם שפּיז צום פײַנט)

געטראָפן אין ציל, אין שונא׳ס האַרץ, בלוט איז שוואַרץ, רויט, טויט.

(לייגט אַרויף די פיס אויפן בעט)

### די וואָרזאָגערן:

דו ביזט מיד, ווי גוט איז רוען אין דער שטיל.

(זעצט זיך נעבן שאולן. גלעט אים איבערן קאָפּ. דורכן פענסטער פאַלט אַריין אַ דעמערונגס-ליכט פון פאַרנאַכט. דאָס ליכט לעשט זיך אָבער באַלד אויס. עס פאַלט צו פּלוצים די נאַכט. עס הערט זיך אַ שטיל געפּליסטער פון דער וואָרזאָגערן)

דו איינער, דו שיינער.

(לענגערע פּויזע)



טראָמפּעטן-שאַל און געפּוילקעריי הינטער דעם געצעלט. אַ באַוועגונג פון מענטשן אויסרופן... זאָל לעבן דער זיגער פונם ווערט קאַמף. זאָל לעבן... זאָל לעבן!)

### שאול:

(ערוואַכט, שרייט)

ליכט! ליכט!

(קיינער קומט נישט. שרייט נאָך העכער)

ליכט! ליכט!

(קלאַפּט אויפן טיש. עס פאַלן אַראָפּ די כלים מיט געבראַזג)

(אילה קומט אַ דערשראָקענע, אַ צערשויבערטע, מיט אַ מנורה אין דער האַנט שטעלט זי אויפן טיש. קלויבט צונויף די צעשאָטענע כלים)

### אילה:

גאָט! וואָס דאָ איז געשען, אַזוינס נאָך נישט געזען.

(די קולות הינטער דעם געצעלט חזרן זיך איבער)

### שאול:

(שרייט)

ווו איז מיין שילד און שפּיז?

(רייסט דער וואָרזאָגערן פונם שלאָף)

זונה, ווו איז מיין שילד און שפּיז?

(די וואָרזאָגערן ערוואַכט. קוקט זיך אַרום, ווי זי וואָלט נישט פאַרשטאַנען וואָס-דאָ קומט פאָר)

וואָס טויג מיר שילד און שפּיז,
ווען אַלץ פאַרלוירן איז?

(די וואָרזאָגערן זיצט אָבהענדיק. דערשראָקן, מיט אַ וואַנזיניקן בליק. שאול דער זעט זיין שפּיז. כאַפּט אים, לאָזט זיך צו דער וואָרזאָגערן, די וואָרזאָגערן גיט האַסטיק אַ שפּרונג פונם בעט און אַנטלויפט פונם געצעלט. שאול לויפט איר נאָך)

נקמה, נקמה!

(פאָרהאַנג.)

(ענדע פונם ערשטן אַקט)

## פארשוינען פון צווייטן אקט.

קיש, שאול'ס פאטער, א רייכער פויער.
דבורה, שאול'ס מוטער.
שאול.
אחינועם, שאול'ס געליבטע.
אחימעץ, אחינועם'ס פאטער, א רייכער פויער.
יחיאל, דינער ביי קיש'ן.

# ערשטע סצענע.

הויז ביי קיש.

קיש און דבורה.

קיש:

(דבורה זיצט ביי א שפינראד און ארבעט. קיש קומט אריין מיט א בינטל ווערבע-צווייגלעך, א מעסער און א כלי מיט פארשידענע פארבן און א פענזל. לייגט דאס בינטל צווייגלעך אנידער. נעמט איינס און שניצט עס. געגטערט זיך צו דבורה'ן)

זעסטו, דבורה, אזוי מאכט מען די קארבן.
און יעדע באמאלט מען מיט אנדערע פארבן.
דאן שטעלט מען זיי אין וואסער-קאריטע אריין,
כדי ביי זייער צוזאמענזיין,
אין סאמע ברען,
זאל די שאף עס זען.

(ווינקט שעלמיש, הנאה'דיק, שמייכלענדיק)

אונזער פאטער יעקב געווען א קלוגער מאן,
מיט די ווערבע-צווייגלעך א שטיקל באוויזן האט ער.
אפגענומען א שפיצל לבן'ן זיין שווער,
געווארן נאך רייכער פון אים א סך מער.
באוויזן, ווו חכמה, איז אויך עשרות פאראן.

(לייגט אנידער די ארבעט. גייט צו צו דבורה'ן. נעמט דבורה'ס געשפונענע זאכן אין דער האנט)

מיט גאָלד אָפּצוּוועגן די סחורה;
בּיזט אַן אשת חיל, דבורה.

(מיט א ניגון)

אַ אשת חיל וועמען גאָט בּאַשערט,
מער פון פּערל איז זי ווערט.
זיצט בּיים שפּינראָד, וועבט און שפּינט,
און בּאַזאָרגט דאָס הויזגעזינד.
שטיקט און שטריקט און נייט, פאַריכט.
און דערפילט צום מאַן איר פליכט.

(גיט דבורה׳ן א גלעט שעלמיש אונטער דער באָמבע)

האַלטן כאָטש די קינדער געווען אין דיר געראָטן!

דבורה:

דיר גלוסט זיך צו חוזקן און שפּאָטן.
דיך האַרט נישט דער גורל פון שאול׳ן אונזער זון.
זייט ער האָט די אחינועם פאַרלוירן,
דאָך אַ תל פון אים געוואָרן.

קיש:

איך לייד נאָך מער פון דיר דערפון.

דבורה:

[פאָר׳טזיצנדיג]

אים נישט צו דערקענען, נישט ר׳עסט, נישט ר׳שלאָפט.

קיש:

און וואָס איך האָב פון אים געהאָפט,
אַ יונג מיט אַלע מעלות,
געזוכט פאַר אים די שענסטע כלות.



דבורה:

איצט געוואָרן גאָר אַ נזיר אָבגעשייד׳ט פון יעדן געניוס.
זיך פאַרלאָזט אַ באָרד, לאַנגע האָר,
זעט אויס עלטער מיט צוואַנציק יאָר.

קיש:

(אין שטייענדיקער אויפרעגונג)

דאָס אַליין נאָך נישט דער גאַנצער פאַרדרוס,
פיל, פיל ערגערעס דערבּיי,
זיך אָנגעשלאָסן דער נביאים-פּאַרטיי.
די פּאַרטיי פון שלעפּער און אָרעמע לייט.
וואָס אייבּיק נעמט און אייבּיק שרייט,
די פאַרטיי פון די הינטישע קנעכט,
וואָס שרייען תמיד: „שלעכט, שלעכט"!
און דיין אייגן קינד גיט זיי גערעכט.
און דאָס אַ קינד פון אַ טאַטן אַ עושר.
האָט פעלדער, בּהמות, זילבּער, גאָלד און — יושר!
וואָס טוען זיי דען, ווען איך גיב נישט קיין אַרבּעט און בּרויט,
די קרעציקע הינט שטאַרבּן פון הונגער און נויט,
און זייער חוצפּה וואַקסט פון טאָג צו טאָג.
מ׳הערט אַפילו שוין נישט וואָס איך זאָג.
און עס העלפט אַפילו נישט די רוט,
און שולדיק אין דעם — דיין אייגן פלייש און בּלוט.
נישט צום אויסהאַלטן. גענוג געווען גוט.
דבורה! איך מאַך היינט מיט אים אַן עק.
אָדער איך אָדער ער גייט פון שטוב אַוועק

דבורה:

(מיט טרערן אין די אויגן)

דאָס קינד איז קראַנק, שוואַרץ ווי די ערד.

קיש:

[פאָרטזעצנדיק]

דאָס האָט נאָך די וועלט נישט געהערט.
אָדער איך אָדער ער. איך האַלט נאָך נישט בּיים שטאַרבּן.

דבורה:

(מיט טרערן אין די אויגן, ברוגז)

איך זעה, דו ווילסט מיין פאַרדאַרבן.

קיש:

וואָס רויבסט מיר מיין מוט,
איז דען מיין פאַרמעגן אויך נישט דיין גוט?

דבורה:

איז דען מיין קינד אויך נישט דיין פלייש און בלוט?

קיש:

זעסט אָבער נישט וואָס ער טוט!

דבורה:

ארבעט די גאַנצע וואָך אין פעלד, נאָר שבת רוט.

קיש:

בונטעווועט די קנעכט קעגן אייגענעם פאָטער.
פון אונזער גאָט בעל לאַכט ער און שפאָט ער.
דער גאָט, וואָס שיצט אונזער לאַנד און פאַרמעגן.

דבורה:

פון וועמען האָסטו דאָס געהערט?
מענטשן האָבן ליב צו דערציילן פאַרקערט.
מ'מוז אים אַליין איבערפרעגן.

קיש:

זעסטו נישט אַליין זיינע משוגענע וועגן!
וואָס האָט מען פלוצים אויף אים אויסגעקלערט?



דבורה:

זיי נישט איילִיק אין אורטייל, דאָס איז אַ זינד.

קיש:

דאָס קול פירן פייגל און ווינט.

(רופט)

יחיאל! יחיאל!

יחיאל:

איך בין דאָ, האַר!

קיש:

וואָס האָט אייך שאול געלערנט, לאָמיר הערן.

יחיאל:

דער בעל איז דער גאָט פון די הערן.
זיינע מזבחות דאַרף מען צעשטערן.
יעהאָווא איז דער גאָט פון די קנעכט.
דער גאָט פון אמת און רעכט.

קיש:

(מיט נצחון)

הערסטו? קנעכטשאַפט איז אים נישט רעכט.
גענוג! היינט מוז נעמען אַן עק.
ער מוז פון מיין שטוב אַוועק.

(ער נעמט צענויף די ווערבעס און גייט אויפגערעגט אוועק)

דבורה:

(פאַרברעכט די הענט)

מיין קינד, מיין קינד!
וויי דער מאַמען און ווינד!

# צווייטע סצענע

דבורה, שאול און יחיאל.

(עס הערט זיך א געזאנג פון די פעלד-ארבעטער, וואס קערן צוריק פון דער אר-בעט. דאס געזאנג נעענטערט זיך אלץ מער און מער. דבורה הערט זיך צו געשפאנט-דערקענט שאול׳ס שטים)

### דבורה:

מ׳גייט שוין פון פעלד. שאול׳ס שטים. ער גייט.
ער קומט. זאל זיין דער טיש געגרייט.

(גרייט צום טיש, ברענגט וואסער צום וואשן די פיס)

(שאול קומט אריין פארטזעצנדיק דאס געזאנג פון די פעלד-ארבעטער. ער איז גע-קליידט ווי א נזיר. טראגט א קאסע אויף דעם אקסל און א בינטל פעלד-בלומען אין דער האנט)

(שטעלט אוועק די קאסע און דערלאנגט דער מוטער די בלומען)

### שאול:

א מתנה דער מאמען!

### דבורה:

(טעגצלט ארום אים, באשטויבט אים און באדינט אים)

(מיט פרייד)

א דאנק. היינט עסן מיר צוזאמען.



### שאול:

כ׳עס היינט מיט די קנעכט

### דבורה:

(צו זיך)

א פנים דער פאטער איז גערעכט

(צו אים)

מיט די קנעכט? איז דער מאמעס עסן שלעכט?
דער מאמעס הענט שוין נישט טויגן?
נישט אויף מיין ברויט געוואקסן ביסטו, גרויס דערצויגן?

### שאול:

מאמע, כ׳בעט, נישט אזוי צו מיר רעדן.
דיין עסן שמעקט מיר טעם גן-עדן,
נאר די מענטשן ציען מיך אהין.

### דבורה:

ליבערשט פון דער מאמען? ס׳קען ברענגען פונם זין!
דיין געוויכט מיט גאלד האב איך געוויגן.
ביי קראנקהייטן זיך אויסגעווײנט די אויגן.
ביי טאג קיין רו, ביי נאכט קיין שלאף,
און איצט צום סוף — א גאט׳ס שטראף!

### שאול:

מאמע, כ׳בעט מיין הארץ נישט צו באטריבן.
איך ליב דיך, ווי נאר א זון קען ליבן.

### דבורה:

מאכט מיך שטוינען מער נאך דיין פירונג.
א גאט! איז עס נישט פארווירונג?
קלער מיר אויף געווי, מיין זון, איך זאל פארשטיין.

### שאול:

ווען איך האָב די אַחינועם פאַרלוירן
דורך מיין שולד,
האָב איך אַלץ פאַרלוירן: מוט, לעבנסלוסט
און געדולד.
אויסגעליידיקט פון האָפן און שטרעבן איז געוואָרן מיין האַרץ.
די וועלט — אַ חלל אַ פוסטער — תהומות-שוואַרץ.
איך —אַ שאָטן פון אַ געוועזענעם מענטש, אָן ציל און אָן זין.
ווי אַ בלאַט, וואָס דער ווינט וואָרפט אַרום אַהער און אַהין.
געטראַכט האָב איך פיל פונם טויט, וואָס זאָל מאכן אַן עק
[צו מיין זיין.
א סוף זאָל עס נעמען צו אַ לעבן פון אייביקער פיין.
נאָר איינמאָל אין העכסטער פאַרצווייפלונג האָט געגעבן
[מיר פלוצים אַ שיין
אַ ליכטיגע געשטאַלט פון אַ הייליק-וואַנדערדיקן פראָפעט
וואָס איך האָב געטראָפן אויף פעלדער פאַרלאָזן, אַליין,
געשטאַנען אויף אַ הויכן שטיין,
מיט געהויבענע אָרעמס, מיט גליהענדיקע אויגן ווייט —
האָט נביאיש גערעדט
אין דער גרויסער וועלט אַריין.

(שטעלט זיך אין דער פאָזע פונם נביא)

והיה באחרית הימים — וועלן די מענטשן גליקלעך זיין!
ווייל גאָט האָט אַזוי געזאָגט: אין יענע טעג
וועל איך לערנען די מענטשן א נייעם וועג.
און אַלע געקרענקטע הערצער וועל איך היילן.
און אַלע פאַרצווייפלטע וועל איך טרייסטן.
און אַלע געפייניקטע וועל איך דערלייזן.
און אַלע געדריקטע וועל איך באַפרייען.
און אַלע מזבחות וועל איך צערשטערן.
און אַלע געטער וועל איך פאַרניכטן.
און אַ נייע וועלט וועל איך טון שאַפן,



אָן הערן און אָן שקלאַפן,
אָן מלחמות און אָן וואַפן,
און מ׳וועט נישט מער זאָגן... איך האָב ליב מיין ווייב,
מיין קינד.
נאָר איך האָב ליב אַלע מענטשן —
און איך בין גליקלעך.

(צו דער מוטער א שטראַלנדיקער)

איצט ווערסטו פאַרשטיין?

### דבורה:

דאָס הייסט,
אין דער ליבע צו די קנעכט האָסטו געפונען אַ טרייסט.
אויף די עלטערן לייגסטו נישט קיין געוויכט.
און אחינועם?

### שאול:

(שמערצלעך איבעראשט פון דער פראגע)

(צו זיך)

אַ פראַגע אומגעריכט.

(צו דער מוטער)

באַריר נישט די ווונד... פון איר שטראָמט אַ גיי ליכט.
אין יעדן אויסדרוק פון ליידן, זעה איך איר געזיכט.

(ווערט בלייך, פארווירט)

### דבורה:

(דערשראָקן)

מיין זון, מיך עקבערט אַ געדאַנק:
אפשר ביסטו קראַנק?
זאָל איך רופן אַ רופא, אַ זנאַכער,
אַ צויבערן, א כשפמאַכער?

שאול:

(אויפברויזנדיק)

אַ צויבערן? אַ צויבערן! ניין! ניין!

יחיאל:

(דערשיינט פּלוצים אין דער טיר, ברענגט אַ שלעכטע בשורה. שאול בלייבט שטיל)

קנעכט ווידער אַנטלאָפן. די עזעלינען פאַרלוירן.

דבורה:

(פאַרצווייפלט ברעכנדיק די הענט)

קנעכט ווידער אַנטלאָפן, די עזעלינען פאַרלוירן.
ווי צו מיינע יאָרן.
די ווייסע עזעלינען, דאָס שיינדל פון אונזער פאַרמעגן,
ביי די איצטיקע סכנות-פולע וועגן,
ווער וועט זיי זוכן, ווער וועט זיי געפינען?

שאול:

איך וועל זיי זוכן, איך וועל זיי געפינען.

דבורה:

ביזטו פונם זינען?
אין די איצטיגע טעג,
ווען צוּבונטעוועטע קנעכט לויערן אויף יעדן וועג.
הילסטו איך זאָל דיך אויך פאַרלירן?

שאול:

מיך וועט גאָרנישט פּאַסירן.
קנעכט וועלן מיך נישט רירן



(צו יחיאל'ן)

גרייט אַלץ צו צום וועג. מיר גייען ביידע, איך וועל דיך
[פירן.

(שאול אַפּ)

(יחיאל אַפּ)

דבורה:

און ער גלויבט די קנעכט!

(דבורה אַפּ)

# דריטע סצענע

קיש, אחימעץ, דבורה, אחינועם און יחיאל.

## קיש;

(קיש און אחימעץ קומען אָן אין אַ שמועס)

צי די קנעכט מוזטו זיין שלעכט.
ווען דו ביזט צו זיי גוט, דאַן איז נישט גוט.
באַקומען חוצפה, צאַפּן דיר דאָס בלוט.
ס'העלפט נישט קיין רעדן קיין זאָגן.
קנעכט מוזטו שלאָגן.

## אחימעץ:

זעלבסט-פאַרשטענדלעך. אַ קינד פאַרשטייט עס.
נאָר נישט אין דעם גייט עס.
היינט אַנטלויפן ביי דיר די קנעכט מיט די עזעלינען.
מאָרגן וועלן ביים צווייטן די קנעכט אַנטרינען.
דעם דריטן וועט מען אַ טויטן געפינען.
ביים פערטן גאָר דאָס הויז אונטערצינדן.
אָבער ס'גייט נישט אין מיר, אין דיר, אין יענעם,
נאָר אין אונז אַלע אינאיינעם.
סוף כל סוף וועט גאָרנישט בלייבן פון קיינעם.
צו ביסלעך וועלן זיי אונז פאַרטיליגן, פאַרניכטן



און שפּעטער אַן אייגענע הערשאַפט אויפריכטן.
און מיר וועלן ביי אונזערע קנעכט אַלס לייבקנעכט דינען.
דערפאַר מוזן מיר זיך גוט באַזינען און אַ עצה געפינען.
מיר מוזן האָבן אַ קעניג אין לאַנד.
א קעניג מיט אַ שטאַרקער האַנט.
מיט אַ שטענדיקער אַרמעע און וואַפן,
וואָס זאָל האַלטן אין אימה די שקלאַפן.

(זעצן זיך)

## קיש:

דבורה! דבורה!

(דבורה דערשיינט)

אַ חשוב'ן גאַסט האָבן מיר היינט. אחינועם'ס פאָטער, אחימעץ.
ער וועט היינט אונזער טיש-גאַסט זיין,
אויך אחינועם קומט, ברענג דעם בעסטן וויין,
קוכן, קעז, פוטער און געבראָטן.

(דבורה אָפּ.)

(צו אחימעץ)

דיין עצה האָט פיל ליכט, אָבער אויך פיל שאָטן.

## אחימעץ:

דאַרף מען טאַקע מיט ישוב הדעת זיך באַראָטן.
זיך גוט איבערלעגן, וואָס איז פאַר און וואָס קעגן.
וויסן קלאָר און דייטלעך דעם ציל, וואָס מען וויל.

## קיש;

וואָס וועלן זאָגן די ראשים, די פירער פון אַלע שטאַמען.
צי וועלן זיי וועלן גיין אַלע צוזאַמען?
זיך אונטערוואַרפן א קעניגלעכע פירונג?

ב'האָב מורא דאָס זאָל נישט אַרויסרופן אין לאַנד נאָך אַ
גרעסערע פאַרווירונג.
מחלוקת, קריג און צעשטערונג.

### אחימעץ:

פאַר די ראשים, מנהיגים — די גרעסטע פאַרערונג.
מיר וועלן זיי אָבגעבן אַ דייטלעכע דערקלערונג,
מיר ווילן ביי קיינעם נישט פאַרמינערן זיין מאַכט.
נאָר זי מוזן דאָך נעמען דאָס אַלגעמיינע אין אַכט.
וואָס זענען זיי יעדער באַזונדער אין איצטיקער שווערער צייט,
ווען פון אינען און אויסן איז מלחמות און שטרייט.
פלשתים, עמון, מואב און מדינים.
און נאָך טויזנט מאָל ערגער די אייגענע אינעווייניקסטע
שונאים.
געשטערט איז די אַרבעט, מען לעבט אין אייביקער שרעק.
ס'איז נמאס דאָס לעבן, מ'פאַרשעלט זיך די טעג.
וועלן מ'ר אָבער האָבן אַ קעניג, וועט דאָס אַלץ נעמען אַן עק.

### קיש:

פריינד, ביזט גערעכט, הייליקע ווערטער, ווען, ווען
מיך פרעג,
ווער האָט נאָך אַזויפיל געליטן די לעצטע טעג.
נאָר...

(דבורה ברענגט אריין ווייַן און עסן)

לאָמיר באַנעצן אַביסל דעם גומן.
ס'איז שוין טרוקן אין האַלז פונם רעדן.

(גיסט אָן ווייַן פאַר אחימעץ און פאַר זיך)

לחיים, לאָמיר טרינקן אייביק אין פריידן!

### אחימעץ:

לחיים, זאָלן בעסערע צייטן קומען!



(טרינקן און עסן)

### דבורה:

איך וועל גיין דער אחינועם אַנטקעגן,
געדענקט זי נאָך צו אונז די וועגן?

(אָפּ.)

### קיש:

ברודער, איך האָב דיך גוט פאַרשטאַנען.
נאָר עס וועט נישט גיין אַזוי לייכט, ווי דיר שיינט.
האָסט איין זאַך פאַרגעסן צו ציען אין באַטראַכט, מיין פריינד.
עס איז דאָך עפעס שמואל הנביא פאַרהאַנען.
ער וועט זיך נישט לאָזן אַזוי גיך איבערצייגן;
און זיינע אָנהענגער וועלן זיכער נישט שווייגן.
און ווער זיינע אָנהענגער זענען — ווייסן מיר גוט,
דאָס זענען אונזערע שונאים אויפ'ס בלוט —
די קנעכט, די אָרימע לייט און אַלע אומזיסטיקע פרעסער —
די נביאים. און זיין השפעה ווערט וואָס אַמאָל גרעסער
און גרעסער:
ער וואַנדערט פון אָרט צו אָרט און דאָס פאָלק לויפט אים
נאָך ווי באַנומען.

### אחימעץ:

צוליב דעם בין איך דאָך טאַקע צו דיר אייגנס געקומען.
איך ווייס ביזט אַ מענטש, וואָס קען אַ זאַך גוט באַנעמען.
מיט אַ ווילן, מיט מוט. פאַרלאָזן איז דאָ זיך אויף וועמען.
מיר מוזן פאַר דער זאַך געווינען דאָס גאַנצע פאָלק פון
אַלע עקן לאַנד.
און שאול דיין זון, וועט אונז זיכער גיין אין דער האַנט.

### קיש:

(לאכט זיך איראָניש פאנאנדער)

כאַ, כאַ, כאַ... שאול מיין זון, וועט מיר גיין אין דער האַנט!
כאַ, כאַ, כאַ... אַזוי קומט עס אויס לויט דעם פאַרשטאַנד.
כאַ, כאַ, כאַ... ער איז דאָך אַ פירער פון די קנעכט!

### אחימעץ:

עס וועט שוין זיין רעכט.
מיר מוזן זען, אַז זיי אַליין, טאַקע די קנעכט
זאָלן מיט אונז אין איינעם גיין.
זאָלן פאַרלאַנגען אַ קעניג. זיי מוזן עס פאַרשטיין,
אַז מיר מיינען לטובה נאָר פון זיי אַליין.
מיר זענען אַרומגערינגלט מיט שונאים, וואָס לויערן אויף אונזער לאַנד.
און ווי וועט אונז אַלעמען זיין, שפּאָט און שאַנד,
ווען מיר לאָזן זיך פון אונזערע שונאים באַזיגן.
און די סלעפּ וועלן די קנעכט קודם פאַר אַלעמען קריגן.
און שאול זאָל אין דעם די קנעכט איבערצייגן.

### קיש:

וואָס זאָל איך דיר זאָגן. ליבערשט שווייגן.
צו טיף דער ווייטאָג, צו פיל די ליידן,
וואָס שאול האָט מיר פאַרשאַפט. איך קען מיט אים נישט רעדן.

### אחימעץ:

נישט דו, פריינד, חלילה, מיין אַחינועם וועט עס מאַכן.
פרויען טויגן שוין צו אַזעלכע זאַכן.
באַזיגן אַלע מענער מיט וויינען און מיט לאַכן.
איך האָב מיט איר די זאַך אַרומגערעדט גאַנץ גענוי.



זי איז דאָך זיין געליבטע, זאָל ווערן אויך זיין פרוי.
שאול איז שיין. שטאַרק, אַ קעניגלעכע געשטאַלט.
ווען ער אויך מיט אונז האַלט, און די קנעכט ווערן מיט אונז אייניג

(סודות'פול)

וועט ער נאָך ווערן אונזער קעניג.
דאַן... דאַן... ברודער...

(כאַפּט זיך אַרום מיט קיש'ן און קושט אים)

(דבורה און אחינועם קומען אַן)

### אחימעץ:

וואָס ביזטו געקומען אַזוי שפּעט?
אַוודאי זיך ערגעץ-ווו פאַררעדט.

### אחינועם:

צופיל באַקאַנטע האָב איך אין לאַנד.
יעדער פרעגט אַ וואָרט, גיט די האַנד.

### דבורה:

(צערטלט אחינועם)

יונג און אַלט, יונג און אַלט.
ווער קען גלייכגילטיק פאַרביי אַזאַ ליב געשטאַלט.
זעץ דיך ליבעס קינד, רוה אויס דיינע מידע פיס.

(גיסט איר און זיך אָן ווין)

טרינק דעם דאָזיקן ווין, ער איז זיס.

(זעצן זיך און ביידע טרינקן)

### יחיאל:

(דערשיינט אין דער טיר מיט די צונעגרייטע זאכן פאר שאול'ן זיך צו לאָזן אין וועג)

אַלע זאַכן אויף דער רייזע גרייט.
שאול גייט!

(יחיאל אָפּ.)

### אחימעץ:

לאָמיר גיין. אחינועם בלייבט אַליין.

(קיש רוימט דבורה'ן איין אויפן אויער און איבעראשט אייליק נעמען אוועקגיין קיש, דבורה און אחימעץ. אחינועם בלייבט אליין)

(פאַרן ארויסגיין)

געדענק אַלץ ווי אַזוי מיר האָבן אָבגערעדט.

---

# פערטע סצענע.

אחינועם און שאול.

### אחינועם:

(זעצט זיך לעבן פענסטער, הויבט אויף דעם פאָרהאַנג און קוקט ארויס, זי זאָל זען ווען שאול קומט אָן)

(זינגט)

איך דרימל, נאָר מיין האַרץ אין מיר וואַכט.
ווער קלאַפּט אין פענסטער ביי מיר אין דער נאַכט?
— דאָס קלאָפּט דער געליבטער אַזוי איידל און זאַגט:
„קום עפן געליבטע, די טיר איז פאַרמאַכט"
איך ציטר און עפן די טיר אין געאייל....
דער געליבטער פאַרשוואונדן — פון בויגן אַ פייל.
פרעג איך די וועכטער, וואָס היטן ביי נאַכט:
צו האָט איר מיין געליבטן געזען פאַר אַ ווייל?



— מיר האָבן דיין געליבטן נישט געזען אין דער נאַכט.
זיס מיידל, אין חלום האָט זיך דיר געדאַכט.

(אחינועם דערזעט שאול'ן דורכן פענסטער, זי הערט אויף צו זינגען און באהאלט זיך אונטערן פאָרהאַנג)

### שאול:

(קוקט זיך ארום, זעט נישט קיינעם, חזר'ט איבער מיט דער זעלבער מעלאָדיע)

האָט מיר זיך נאָר אין חלום געדאַכט?
אל אֶלוהים!
געהערט דייטלעך אחינועם'ס שטים.
האָט מיר זיך נאָר אין חלום געדאַכט?

### אחינועם:

(גייט ארויס פון אונטערן פאָרהאַנג)

ניין.

(דערזעענדיק שאול'ן צעלאַכט זי זיך זייער שטארק און דערווייטערט זיך פון אים ווי זי וואָלט זיך פאר אים דערשראָקן)

כא, כאַ, כאַ! כאַ, כא, כאַ! דאָס איז שאול דער געליבטער מיין?

### שאול:

אחינועם, דיין לאַכן רוישט אין מיין בלוט ווי ווין.
וואָס ביזטו געקומען דערוועקן מיין פיין?

### אחינועם:

ניין, נישט דערוועקן דיין פיין.

### שאול:

(טוט זיך א לאָז צו איר מיט אויסגעשטרעקטע אָרמס)

אחינועם, אחינועם!

(בלייבט אָבער אין מיטן שטיין)

און איך בין אַ נזיר, טאָר נישט באַרירן אַ פרויס לייב.
און דו דאַרפסט ווערן אַ פרעמדנס אַ ווייב.

אחינועם:

ניין!

שאול:

ביזטו פריי?

אחינועם:

בתנאי.

שאול:

איז עס אין מיין מענטשלעכער מאַכט?

אחינועם:

ווען דו וואָלסט אַנדערשט געטראַכט.

שאול:

איז אַ רעטעניש דאַבײ?

אחינועם:

ניין, זאָלסט... פאַרלאָזן... די נביאים פאַרטײ!

שאול:

(אויפברויזנדיק)

זאָל איך פאַראָטן?
אַזוי רעדט דער שטן!



אחינועם:

נישט פאַראַטן, נאָר זיך בלייבן טריי:

שאול:

מיין פאָטערס ווערטער, זיין עצה דאַבײ.

אחינועם:

זענען דיר ליבערשט די קנעכט?

שאול:

די, וואָס זענען גערעכט!

אחינועם:

און זיך אַליין טון שלעכט?

שאול:

איך בין גליקלעך, ווען איך טו מענטשן גוט.

אחינועם:

נאָר נישט דיין אייגן פלייש און בלוט!

שאול:

אַלע מענטשן צווייגן פון איין בוים.

אחינועם:

אין טרוים!

שאול:

[אין שטאַרקער שטייגנדיקער באַגייסטערונג, אומגייענדיק אַהין און צוריק)

האָט אברהם נישט פאַרלאָזט זיין פאָטער און צעבראָכן זיינע
געטער?
האָט משה נישט פארלאָזט ווייב און קינד און געוואָרן
אונזער רעטער?
האָט נחשון נישט געשפּרונגען אין ים און געשפּאַלטן פאַרן
פאָלק אַ וועג?

איך וויל אויך אַ מוסטער ווערן פאַרן פאָלק אין די שווערע
טעג.

אַלע מענטשן צווייגן פון איין בוים.

### אחינועם:

(ווייזנדיק מיט דעם פינגער אויפן שטערן, ווי אויף א מטורף)

איך פאַרשטיי אים קוים!

(ווען שאול קומט אויס צו איר מיט דעם רוקן, פארשווינד זי אומבאמערקט)

### שאול:

(ווען ער בארוהיקט זיך, קוקט ער זיך ארום, און זעט, אז די אחינועם איז נישטאָ,
זוכט זי אינטערן פאַרהאנג, און נישט געפינענדיק זי, לאָזט ער זיך צו דער טיר
פארצווייפלט)

אַחינועם, אחינועם!

ענדע פון צווייטן אַקט.

---

# קעניג שאול

■

## III. אַקט.

■ ■ ■

### פאַרשוינען פון דריטן אַקט.

אחיבעל, אַ נביא פונם בעל.
די וואָרזאָגערן.
אחימעץ.
שמואל הנביא.
שאול.
לוי, אַ משרת ביי שמואל הנביא.
פאָרשטעהער פון די שבטים.
כוהנים פונם בעל, כשופמאַכער, שטערן-זעער, זנאַכער,
חבל נביאים. [וכדומה.
פאָלק.

# ערשטע סצענע

(אין א הויף, ארומגענומען מיט א פארקן פון פצל־יריעות, שטייט א במה מיט א א אויפשריט: במה לאלוהי ישראל. אויף דער במה א מזבח מיט אן אויפשריפט: מזבח אדוני. לינקס א פרוכת מיט אן אויפשריפט: אדוני הוא אלוהים, אונטער וועלכן עס שטייט דער ארון מיט די לוחות. לינקס פון דעם א באלעמער, אויף וועלכן שמואל הנביא רעדט תמיד פארן פאלק. צווישן באלעמער און דעם ארון שטייט לוי אויף דער וואך. פארנט שטייען טישן מיט בענק פאר די, וואס ברענגען קרבנות]

## אחיבעל און די וואַרזאָגערן.

(אויסער לוי, אחיבעל און די וואַרזאָגערן איז קיינער נישטאָ. אחיבעל און די וואָר־זאָגערן זיצן ביי בעכער ווייַן. אחיבעל אימפראָוויזירט מיט א ניגון אומעטיג, ער־טערווייז איראָניש שפעטיש. אקצענטירט פעסט יעדעס וואָרט, ווי ער וואָלט רענדלעך געציילט. די וואַרזאָגערן באַגלייט אים מיט א האַרפּע)

דאָ איז געווען אַמאָל אַ גרויסער זאַל.
דאָ איז געשטאַנען דער גאָלדענער בעל,
דער גאָט פון הערשאַפט און מענער־קראַפט.
און ווער עס איז געוואָרן שוואַך און אָבגעשלאַפט,
איז געווען געניג פון אים אַ בליק
צו באַקומען ווידער לוסט און גליק.
און דאָרט אונטער אַ הייליקן אייכנבוים,
געהילט אין זילבער, נאַכט און טרוים
איז געשטאַנען די עשתורת.
נעבן איר די כהנ׳טע — פול יוגנט-זאַפט,
האָט ליבע אויסגעדאַמפט מיט באַרוישנדיקע קטורת.



און גאָט האָט מען געדינט מיט ליידנשאַפט און לוסט
און יובל און לעבנספרייד — געוווינט אין יעדער ברוסט.
ווייל מענטשלעכע תאוות און געטלעכע פאַרלאַנגען
זענען האַנט אין האַנט געגאַנגען;
און איצט... ליגן די געטער צעטראָטן.
דאָס לעבן געצוימט מיט געבאָטן און פאַרבאָטן
און ליבע און לוסט... די אַרבעט פונם שטן!
כאַ — כא — כאַ!
און דאָ, פאַרבאָרגן אונטערן פרוכת,
שטייט אַ קאַסטן מיט צוויי שטיינער.
דאָס זאָל זיין דער כח איבער אַלע כחות,
הייסט יהוה און ער איז איינער.
כאַ — כא — כאַ!

### לוי:

שטיל, מנוול, שליס דיינע טמא ליפן,
איך האַק דיר אונטער גלייך די ריפן.

### אחיבעל:

שווייג, צבוע׳ק, פאַרעטער פון דיין גאָט.
ביזט אַליין געווען אַ כהן פונם בעל.
האָסט פאַרקויפט זיך, שאַנד און שפאָט.
פוי, מיך קערט פון דיר די גאַל.

(שפייט אויף אים. לוי ווארפט זיך אויף אים)

### די וואָרזאָגערן:

(רייסט זיך אריין צווישן ביידע און טיילט זיי פונאנדער)

נאָר נישט מיט די הענט.
דו ווייסט נישט וועמענס מאָרגן עס קען זיין.
ביזט דאָך אונזער אַ מענטש. כ׳האָב גלייך דערקענט.

טרינקן מער בעסער אַ גלאָז ווײַן.

(לוי בארואיקט זיך, די ווארזאָרגערן גיסט אים אָן ווײַן און ער טרינקט. עס קומען אָן דורך די יריעות כהנים פונם בעל, אַ מכשף, אַ שטערן-זעער. לוי דערשרעקט זיך און לויפט צוריק אויף זײַן אָרט)

### אַחיבעל:

שרעק זיך נישט, אונזערע מענטשן קומען.

### די אַרײַנגעקומענע:

(צו אַחיבעל)

שלום! שלום!

### אַחיבעל:

שלום!

### אײנער פון די אַרײַנגעקומענע:

(צו אַ צווייטן פון די אַרײַנגעקומענע)

ווער איז די נקבה?

### אַ צווייטער פון די אַרײַנגעקומענע:

ווערט הונדערט שקלים!

### אַ דריטער פון די אַרײַנגעקומענע:

פאַר אַ גנבה.

### אַחיבעל:

מײַן פינפט ווײַב. ערשט איצט גענומען.

### אַ דריטער פון די אַרײַנגעקומענע:

קומט אונז טאַקע צו באַנעצן דעם גומען.

### אַחיבעל:

געהאַט אײַך אין זינען, משקה מיטגענומען.



(צו דער ווארזאָגערן)

גיב זיי דעם פריילעכן געטראַנק,
דערקוויקט דאָס האַרץ און קרעפטיקט דעם געדאַנק.

### אַ פערטער פון די אַרײַנגעקומענע:

נו, גיב אַהער אַ כוסה!

### אַ פינפטער:

און טאַקע אַ גרויסע!

### אַ זעקסטער:

און טאַקע אַ פולע!

### אַ זיבנטער:

צו ווייטיקן אַ סגולה!

(די וואָרזאָגערן גיסט אָן ווײַן)

### אײנער פון די אַרײַנגעקומענע:

לחיים, ברידער, לאָמער דערלעבן בעסערע צײַטן.

### אַ צווייטער:

מיר זאָלן ווערן צוריק לײַט.

### אַ דריטער:

נישט ווי אין שמואל הנביא'ס צײַט!

### אַ פערטער:

לעבן אין נויט!

### אַ פינפטער:

ממש נישטאָ קײן ברויט.

### א כהן פונם בעל:

די מזבחות פונם בעל צעשטערט!

### א צווייטער כהן פונם בעל:

און זיינע במות צעשאטן!

### א כישופמאכער:

כישוף מאכן פארווערט!

### א שטערנזעער:

שטערנזעריי פארבאטן!

### אחיבעל:

געמאכט אונזער נאמען צו שאנד!
(שטעלט זיך אויף ווי צו האלטן א צוגעגרייטע רעדע)
ברידער, איר ווייסט וואס טוט זיך אין לאנד!
עס איז א מרידה. דאס פאלק געווארן ווידערשפעניג.
עס וויל נישט שמואל הנביא׳ן. עס וויל האבן א קעניג.
עס פלאקערט דער שטרייט.
און מיר זאלן שווייגנדיק שטיין אין דער זייט?
ניין! דער אויסגאנג פונם קאמף איז פאר אונז זייער וויכטיק.

### אלע אריינגעקומענע:

זייער ריכטיק! זייער ריכטיק!

### אחיבעל:

מיר מוזן דעם קאמף באיינפלוסן, ריכטן.
ער זאל גיין אין וועגן, וואס מיר ווילן וועלן.
מיר מוזן אונזערע אייגענע פאדערונגען שטעלן.

### אלע אריינגעקומענע:

זייער ריכטיק! זייער ריכטיק!



### אחיבעל:

מ׳זאל צוריקגעבן אונזער שטאנד זיין אמאליקן כבוד און — ברויט!
קיינער פון אונז זאל נישט לעבן אין נויט.
און קיינער פון אונז זאל נישט ווערן אין זיין גלויבן געשטערט

### אלע אריינגעקומענע:

הערט, הערט!

### אחיבעל:

אבער דאס אליין איז נאך ווייניק.
מיר מוזן פארלאנגען, אז דער קעניג
זאל זיין א דינער פונם בעל און עשתורת.
עס זאל צוריקקערן אונזער גלאנץ פון פריהערדיקע דורות.
זיך אנטקעגן שטעלן די נייע, שעדלעכע תורות
פון שמואל הנביא מיט זיין חבריה.
מיר ווילן בלייבן נאטור-מענטשן פרייע.
לעבן ווי אונזערע זארגלאזע געטער,
אין זוניקער שמחה טרינקן דעם נעקטאר,
ביי רוישיקע קוואלן פון לוסט און גענוס,
נישט לאזן פארשרייען דאס לעבן פאר זנות,
ווי עס טוען די שמואל׳יסטן און מאכן זיך וויכטיק.

### די אריינגעקומענע:

זייער ריכטיק, זייער ריכטיק!
אחיבעל, ביזט אונזער נביא, זאג, וואס זאלן מיר טון?

### אחיבעל:

צו רעדן מיט אייך דערפון,
האב איך אייך דא פארזאמלט.
נאר קיינער אויסער אונז זאל נישט וויסן,
וואס מיר וועלן דא רעדן און באשליסן.

(צו לוי׳ן)

דיך באַטראַכט איך פאַר אונזער איינעם.
ווערסט גערויס נישט דערציילן קיינעם.

### לוי:

(טרינקנדיק)

נישט דערציילן קיינעם, קיינעם!

### אַחיבעל:

(פאַרטרויליך)

איך שטיי אין פאַרבינדונג מיט די מורדים פון דער
ערשטער מינוט.
וואָס אין זייער לאַגער טוט זיך, בין איך גענוי אינפאָרמירט.
קען גוט זייער פּלאַן
און זייער גוט דעם מאַן,
וואָס פון אים ווערט די מרידה געפירט.
ס׳איז אחימעץ, מיין פריינד, איך האָב אים אַהער אויך
געלאַדן.
געדענקט, איר זאָלט אים אויפנעמען, ווי בראַווע קאַמעראַדן.
כאָטש ער איז נישט קיין דינער פון בעל און עשתורת.
ער האַלט אָבער אויך נישט פון שמואל הנביא׳ס תורות.
ס׳איז אַ מאַן מיט אַ ברייטן פאַרשטאַנד, טאָלעראַנט.
וויל גלייכע רעכט פאַר אַלע גלויבנס און געטער.
ביז אַ געוויסן פונקט קענען מיר גיין האַנט אין האַנט,
און אונזער ענדציל פאַרלעגן אַ ביסל אויף שפּעטער.
און ביים ריכטיקן מאָמענט נעמען אונזער גורל אין די
אייגענע הענט.

(נאָך פאַרטרויליכער. אַלע שאַרן זיך צענויף)

איך שטיי אין פאַרבינדונג מיט שמואל הנביא׳ס זין.
זיי זענען אונזערע אין גאַנצן.
דאָ ביים ארון און כפּורת,
דינען זיי בעל און עשתורת.
און איינער פון זיי...



### לוי:

(וואָס ג״ט אכטונג צי מען קומט נישט אָן)

עמיצער קומט... מיר שיינט, אחימעץ זאָל עס זיין!

### אַחיבעל:

(א ביסל איבערראשט)

יעדער אויף זיין אָרט.
פון דעם קיין וואָרט,
ער טאָר, חלילה, פון דעם נישט וויסן.
לאָמיר ווידער וואָס געניסן,
און זינגען אַ ליד פון דעם ויין.

(יעדער איילט זיך אויף זיין אָרט, טרינקען און זינגען)

דער ווין, דער ווין, דער ווין
שטאַרקט דאָס האַרץ, דעם מח.
ווי שוואַך דו זאָלסט נישט זיין,
באַקומסטו שמשון׳ס כח.
און די גאַנצע וועלט נעמסט איין!
און די גאַנצע וועלט נעמסט איין!

* * *

דער ווין, דער ווין, דער ווין
מאַכט דעם מענטשן פריילעך.
מעגסט ווי אָרעם זיין,
ווערסטו ביי זיך אַ מלך.
און די גאַנצע וועלט איז דיין!
און די גאַנצע וועלט איז דיין!

(אחימעץ קומט אריין. זיי הערן אויף צו זינגען, הויבן זיך אויף פון די ערטער)

### אַלע:

ברוך הבא!

### אחימעץ:

שלום עליכם!

### אַלע:

עליכם שלום!

### אחימעץ:

עס פרייט מיך, וואָס איך האָב אייך דאָ געטראָפן.
איך גלויב, אַז איך מעג אויף אייך האָפן,
אַז איר, געלערנטע לייט,
וועט דערפילן אייער פליכט אין אַזאַ ערנסטער צייט!
אַז איר אַלע, ווי איין מאַן,
וועט העלפן דורכפירן אונזער געמיינזאַמען פּלאַן
פון אַ נייעם רעגירונגס-סיסטעם.
מיין פריינד אחיבעל האָט געוויס שוין גערעדט מיט אייך
פון דעם.

### אַלע:

מיר ווייסן קלאָר, אין וואָס אונז אַלעמען גייט.
צו דיין באַפעל שטייען מיר אַלע גרייט.

### אחימעץ:

א דאַנק, דער עיקר איז אָבער, עס זאָל אונז געלינגען
מיט פרידלעכע מיטלען צו צווינגען
שמואל הנביא זאָל געבן זיין הסכמה.
מיר ווילן דאָך נישט פירן קיין ברודער-מלחמה,
בלוט פאַרגיסן.
אויך ווילן מיר נישט דעם כבוד פון שמואל הנביא באַרירן.
נביא זאָל ער בלייבן, נאָר אַנדערע זאָלן רעגירן.
ער זאָל פאַרשפּרייטן גאָטס לערע און וויסן,
און די מלוכה-געשעפטן זאָלן אַנדערע פירן —
דער קעניג און זיינע שרים.
אויך ווילן מיר נישט טיילן דאָס פאָלק לויט די געטער.
זאָל יעדער דינען דעם גאָט וואָס ער וויל.
סוף כל סוף האָבן מיר אַלע איין ציל —



דאָס גליק פונם פאָלק, דאָס וויל פונם לאַנד.
דערפאַר ווילן מיר דערהויבן צוריק אייער שטאַנד.
צו פריערדיקער שטעלונג, צו אַמאָליקן גלאַנץ.
ווייל שטאַרק איז נאָר אַ פאָלק, ווען עס איז אייניק און גאַנץ.

### אַלע:

זייער ריכטיק, זייער קלוג!

### אחיבעל:

און פרידלעכע קאַמפּסמיטלען זענען דאָ גענוג.
(צו לוי'ן ווייזנדיק אויף דער במה)
פאַרוואָס איז היינט אַזוי פּוסט און לער?

### לוי:

זייט אַ געוויסער צייט
קומען צום נביא נאָר אָרימע לייט
און קנעכט.
פאַרמעגלעכע קומען זייער ווייניק אַהער.
מ'ברענגט קיין קרבנות,
די נביאים קיין מתנות.
און עס גייט זייער שלעכט.
עס הערשט דאָ א נויט.
די נביאים האָבן זיך געלאָזט אויף די פעלדער זוכן זאַנגען
אויף ברויט.

### אחימעץ:

(מיט נצחון)

דאָס איז די פרוכט פון אונזער אַרבעט און מי.
מיר זענען געגאַנגען פון אָרט צו אָרט.
גערעדט, געווירקט מיט אונזער וואָרט.
און מיר מוזן ווייטער זען, אַז קיין פוסטריט פון מענטשן
און פי,
זאָל נישט קומען קיין רמה,

בּיז דער נביא וועט נישט געבּן זיין הסכמה
אויף אונזער פאַרלאנג.
און דערפאַר בּין איך געקומען צו אייך,
איר זאָלט פאַרשטיין דעם ערנסט פונם מאָמענט.
ווייל די נביאים זיצן אויך נישט מיט פאַרלייגטע הענט.
רייצן קעגן אונז דאָס אָרימע פאָלק און די קנעכט.
כלומרשט קעגן די, וואָס זענען פאַרמעגלעך און רייך,
דען, ווען מיר וועלן נישט אויספירן גלייך,
קען שפּעטער, חלילה, ווערן גאָר שלעכט.
דערפאַר צו דער אַרבּעט מיט מוט און פאַרשטאַנד,
פאַרן גליק פונם פאָלק, פאַרן וויל פונם לאַנד.
(אחימעץ פארבייגט זיך צום צייכן, אז ער האָט געענדיקט און נעמט אוועקגיין)

אחיבעל:

זאָל לעבּן אחימעץ. אונזער פירער!

אלע:

זאָל לעבּן! זאָל לעבּן!
(אחימעץ אָפּ)

אחיבעל:

איצט קענען מיר רעדן ווידער אומגעשטערט.
איר האָט אַלע דעם אחימעץ געהערט.
און איר קענט איינזען און פאַרשטיין,
ווי ווייט מיר קענען מיט אים צוזאַמען גיין.
ער איז אַ בּראַווער מאַן.
אָבּער פון אונזער ציל און פּלאַן
דאַרפן מיר נישט נאָכלאָזן אַ שפּאַן.
אַ קעניג מוז אונזער אַ מענטש ווערן
שמואל הנביא׳ס א זון.
ווייל דאָס שוואכט אָפּ די געגנערשאַפט פון שמואל הנביא׳ס זייט.
און זיכערט אונז דעם נצחון אין שטרייט,



און איצט וועל איך אייך אַ גרויסן סוד דערציילן,
וואָס קיינער, קיינער ווייס נישט דערפון.
מיר האָט עס דערציילט שמואל הנביא׳ס אַ זון
וואָס טוט מיטן הייליקן ארון פאַרוואַלטן,
אַז עס ליגן בּאַהאַלטן
דאָ אונטערן כּפּורת
אונזערע געטער בּעל און עשתורת.
(אחיבעל שאַרט אַוועק דעם פּרוכת פונם ארון, נעמט אַרונטער דעם כּפּורת און נעמט אַרויס פון דאָרט צוויי געצנבּילדער פון בּעל און עשתורת. עס בּרעכט אויס אַ גרויסע בּאַגייסטערונג, אַ יובל געשריי. אחיבעל שטעלט אַנידער די געצן לעבּן דער במה. די וואָרזאָגערן ווערט די כּהנ׳טע. וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם איבּערוואָרף און בּלייבּט שטיין אַנטבּלויזט. טאַנצט פאַר די געטער. דאַן שטעלט זי זיך אין הייליקער פּאָזע און די כּהנים טאַנצן אַרום איר און די געטער, זינגענדיק)

די עשתורת. די עשתורת
פון איר הייליקן פרויען-לייבּ,
שמעקט בּאַרוישנדיקער קטורת.
בּעל עשתורת מאַן און ווייבּ!
(בּיי יעדער ענדע פון דער סטראָפע, קושט זיך די וואָרזאָגערן מיט אַן אַנדערן מאַן)

לוי:

(פּלוצים)

די נביאים גייען!
(אחיבעל און זיין עולם אַנטלויפן אין בּהלה, איבּערלאָזנדיק די געצן)

---

# צווייטע סצענע.

(דערזעלבּער אָרט)

שמואל הנביא. שאול, חבל נביאים, לוי.

לוי:

(כאַפּט אין געאייל די געצן און בּאַהאַלט זיי אונטערן פּרוכת, אליין סטאַרעט ער זיך צו שטיין געהעריק אויף דער וואַך, אָבּער ער קען נישט, ווייל ער איז שיכּור, פאַלט פון די פיס, גיט אַרויס שיכּור׳ע קולות, רעדט צו זיך אליין)

בעל, עשתורת, מאַן און ווייב
נביא׳ס זין... געטער, אַ נקבה... הונדערט שקלים...

(ס׳קומען אָן פון פאַרשידענע זייטן צוביסלעך די נביאים. טראָגן בינטלעך זאַנגען אויף די פּלייצעס. לייגן זיי אויף דער במה)

## איינער פון די נביאים:

שוין ווידער שיכור!
מ׳האָט אים שוין ווידער אונטערגעקויפט.
דאָ הערשט נויט,
געגאַנגען זוכן זאַנגען אויף ברויט
און ער פרעסט און זויפט!

## אַ צווייטער פון די נביאים:

(שמעקט)

אַ גערוך פון שאַרפן געווס.

## אַ דריטער פון די נביאים:

אַ ריח פון זנות.

## אַ פערטער פון די נביאים:

ווידער געווען דאָ די געצן-דינער,
די בעל׳ניקעס, זייער חוצפה איז שוין צו פיל.

## אַ פינפטער פון די נביאים:

(צו לוי׳ן וואָס טרייבט זיינע שיכור׳ע שטיק)

מנוול, זיי שטיל!

## אַ זעקסטער פון די נביאים:

ביזט דאָך אין גאָטס הויז!

## אַ זיבעטער פון די נביאים:

וואַרפט אים אַרויס!
(צוויי פון די נביאים פירן אים אַרויס, אַמפּערנדיק זיך מיט אים)



## אַ אַכטער פון די נביאים:

מיינט איר, מ׳וועט אים ווידער מוחל זיין די זינד.
דער נביא גלויבט יעדן ווי אַ קינד.
(די וואָס האָבן אים אַרויסגעפירט קומען צוריק. אַלע זעצן זיך קלויבן קערנער אַרויס פון די זאַנגען און פירן אַ שמועס)

## איינער פון די אַריינגעקומענע:

אוי האָט ער געלעסטערט דעם גאָט פון ישראל!

## דער ערשטער נביא:

און דו ווערסט פון דעם נתפעל.
ער איז דאָך אויך איצט אַ געצנדינער אין האַרץ.

## דער צווייטער נביא:

מיר זענען אַרומגערינגלט מיט זיי פון אַלע זייטן,
איך זעה פאַר אונז קומען שווערע צייטן.

## דריטער נביא:

מ׳דאַרף נישט קוקן אַזוי שוואַרץ.

## פערטער נביא:

ער האָט רעכט. דאָס פאָלק גייט מיט זיי.
עס גלויבט אין אַלע געטער.

## פינפטער נביא:

עס איז נישט אַזוי, ווי דו מאַכסט דאָס געשריי.
מ׳דאַרף קוקן אויך וואָס עס וועט זיין שפּעטער.
אַ פאָלק קען מען נישט אַזוי לייכט איבערצייגן.
באַרג אַרויף קען מען לייכט נישט שטייגן.

## זעקסטער נביא:

גלויבן, האָפן איז זייער שיין און זיס,
אָבער הונגערן איז אויך זייער מיס.

מיט אונז גיין די, וואָס קענען נאָר נעמען.
מיט זיי אַלע, וואָס קענען געבן.
דאָס זאָגן דאַרף מען אפשר זיך שעמען.
אָבער לעבן, ברודער, מוז מען דאָך — לעבן!

## זיבעטער נביא:

ס'איז דאָך טאַקע שוין נישט אויסצוהאַלטן, ברידער
ווי לאַנג קען מען לעבן אין נויט?
נאָך אַ טאָג און נאָך אַ טאָג און מיר פאַלן אַלע נידער.
נישט קיין ווייַן, נישט קיין פלייש, אָבער — ברויט!

## אַכטער נביא:

דאָס ביסל זאַנגען קוים צונויפגענומען.
מיינט איר, מ'האָט חשק געהאַט אונז צו לאָזן נעמען?
מ'האָט קרום געקוקט אויף אונז און געהאַלטן אין איין ברומען:
ווידער שוין געקומען, ווידער שוין געקומען.

## נייַנטער נביא:

פאַרוואָס איז אונזער פאָטער שמואל נאָך נישטאָ?

## צענטער נביא:

כ'האָב געזען אים רעדן, נאָר איך ווייס נישט מיט וועמען.
אַ נייער מענטש, אַ שיינער מאַן, ברייט, הויך, אַזוי — אָ!

## ערשטער נביא:

(צו איינעם פון די נביאים)

גיי זאָג אונזער פאָטער, אַז מיר וואַרטן אַלע שוין אויף אים
(דער איינער הויבט זיך אויף צו גיין, עס גייען מיט אים נאָך צוויי)
נאָר בלייבט אַליין נישט ערגעץ-ווו שטעקן.
(די צוריקגעבליבענע קלויבן אַלץ די קערנער פון די זאַנגען)

## צווייטער נביא:

איך ווייס נישט וואָס, עס טוט מיר דאָס האַרץ שרעקן.



## דריטער נביא:

און מיך, אומגעקערט, טרייסט אַן אינערלעכע שטים:
ס'וועט שוין לאַנג נישט אָנהאַלטן דאָס שלעכטס.

## פערטער נביא:

(קרעכצט)

## פינפטער נביא:

נאָר נישט געקרעכצט. דאָס גוטע וועט שוין קומען.

## זעקסטער נביא:

ווען דער לייב איז זאַט טוט ער נישט ברומען.

## אַכטער נביא:

(ער איז איינער, וואָס איז געגאַנגען רופן שמואל הנביא. איצט איז ער צוריקגע-
קומען, אַרייַנלויפנדיק האַסטיק מיט אַ פעקל)

מתנות, מתנות געבראַכט אַ סך,
דער מאַן, וואָס האָט מיטן פאָטער גערעדט.
טראָגט לאַנגע האָר, זעט אויס ווי אַ פראָפעט,
געקומען פרעגן אויף פאַרלוירענע עזעלינען.
דער פאָטער אים געזאָגט, ער וועט שוין געפינען.
(פּאַקט אויף דאָס פעקל]
ברויט, פוטער, קעז. אַ טייערע זאַך!
מתנות נאָך געבראַכט, די אַנדערע ברידער עס טראָגן!

## דריטער נביא:

וואָס האָב איך געזאָגט, נאָר נישט קלאָגן!

## פערטער נביא:

און וואָס האָב איך געזאָגט: נאָר נישט מאַכן אַזאַ געשריי
נאָר נישט קוקן אַלץ אויף זיי.
מיר וועלן נאָך אויך האָבן גוטע צייטן.
(די אַנדערע צוויי קומען און טראָגן נאָך פעקלעך. מ'רינגלט זיי אַרום. פּאַקן אויף
די פעקלעך)

### ניינטער נביא:

האָניק, ניס, מאַנדלען, טייטלען, פייגן.
(די נביאים ווערן מונטער ברייטלעך)

### ערשטער נביא:

ס'וועט נאָך ווערן ביי אונז ווידער ווי ביי לייטן.

### צווייטער נביא:

ווי שטייט אין פסוק:
גאָט וועט פאַר אייך מלחמה האַלטן און איר וועט שווייגן.

### דריטער נביא:

מיר וועלן אַרבעטן און שטייגן.
(שמואל הנביא קומט אָן. אַלע באַגריסן אים שטייענדיק)

### אַלע:

שלום עליכם אונזער פאָטער!

### שמואל הנביא:

עליכם שלום, מיינע קינדער.
(שמואל זעצט זיך. אַלע זעצן זיך אויס שטיל, דרך ארץ'דיק. שמואל גיט א ווינק צווי פון די נביאים מאכן אָרדנונג. דעקן די טישן מיט טישטעכער און סערווירן)

צוערשט מוז מען אונטערלייגן דאָס האַרץ.
עס זאָל די וועלט נישט אויסזען גרוי און שוואַרץ.
(פאַרן עסן פאַרגלייזן זיי די אויגן און שעפטשען שטיל א תפילה, עסן זאַכט, בנעימות'דיק, די פנימער ווערן אויסגעלייטערט. די אויגן פאַרטראַכט, קוקן ווייט. די שטימונג ווערט אַלס שטילער, טיפער, שטייגט ביז צו הייליקייט)
(מיט א ניגון)

זיי לעבן און מיר לעבן —
זיי לעבן, כדי זיי זאָלן עסן.
און מיר עסן, כדי מיר זאָלן לעבן.
און מיר לעבן, כדי צו פאָרשן די ווערק
פון דער וועלט און זיין באַשעפער.

* * *



זיי אַרבעטן און מיר אַרבעטן.
זיי אַרבעטן, כדי צו שאַפן רייכטום און פאַרמעגן.
און מיר אַרבעטן, כדי צו שאַפן ווערק און ווערטן.

* * *

זיי האָפן און מיר האָפן.
זיי האָפן אויפן שווערד אין דער מלחמה
און מיר האָפן אויף דער מענטשלעכער דערהויבונג.

* * *

זיי פרייען זיך און מיר פרייען זיך.
זיי פרייען זיך, ווען זיי דערפילן זייערע תאוות
און מיר פרייען זיך, ווען מיר העלפן אונזערע ברידער.
(א קורצע ווײלע איז שטיל, עס הערט זיך א טיפעס שווייגן)
(מיט א געענדערטער שטים)

וואָס הערט זיך אין לאַנד? וואָס רעדט דאָס פאָלק?
איר זענט דאָך איצט א גרויסן מהלך געגאַנגען.

### אַכטער נביא:

נישט אַזוי פריילעך געווען מיטן קלויבן די זאַנגען.

### שמואל הנביא:

איך מיין וועגן דעם, צי דאָס פאָלק וויל אַ קעניג.

### ערשטער נביא:

דאָס אָרעמע פאָלק אינטערעסירט זיך מיט דעם ווייניק,
און דאָס רייכערע פאָלק איז אין דעם נישט אייניק.

### צווייטער נביא:

די דינ'ר פון בעל ווילן אונז טאַקע פאַרניכטן אין גאַנצן.
אַנדערע ווידער ווילן איינגיין אויף פשרות.
זיי ווילן אַ קעניג און זיי זאָלן ווערן די שררות.
קעגן די ערשטע מוזן מיר זיך גוט באַפעסטיקן, פאַרשאַנצן
ווען זיי זיגן, וועלן זיי אונז זיכער נישט שוינען,
ווייל דאָס זענען ביטערע פאַרשוינען.

פערטער נביא:

זיי זאָגן, דער פאָטער האָט זיך גענומען אַלע דריי קרוינען
פון נבואה, כהונה און מלוכה.

שמואל הנביא:

מיר גייט נישט אין דעם, צו באַהאַלטן פאַר אונז די מאַכט,
קינדער. איך וויל איר זאָלט מיך גוט פאַרשטיין.
אייך, וואָס זיי ווילן אַ קעניג, קומט נישט אין באַטראַכט.
נאָר דאָס, וואָס זיי טיילן דאָס פאָלק אין אָרים און רייך.
זיי שרייען, מיר ווילן ווי אַלע פעלקער זיין גלייך —
פון איין זייט אַ קעניג מיט אן אַרמעע און רייכע לייט
און אונטערדריקטע קנעכט פון דער אַנדערער זייט.
מיר ווילן האָבן איין געאייניקט פאָלק, אָן הערן און קנעכט.
מעג זיין אַ קעניג, נאָר הערשן זאָל דאָס רעכט.
איין געזעץ פאַר אַלע פון אונטן ביז אויבן,
איין פאָלק, איין געזעץ, איין גאָט — דאָס איז אונזער גלויבן.

(בלייבט א ווײַלע שטיל, פאַרטראַכט. טיפעס שווייגן)

אַ קעניג — — אַ משיח זאָל ער זיין!
אַ דערלעזער פאַר אַלע אָרימע, אונטערדריקטע.
אַ באַפרייער פון אַלע שוואַכע און פאַרפאָלגטע.
אַ טרייסט פאַר אַלע עלנדע און פאַרלאָזטע.
א שוץ פאַר יתומים און אלמנות.
אַ ריכטער פאַר באַרויבטע און בעולטע.
און פול זאָל ער זיין מיט גייסט פון חכמה
וויסן, שכל, פאַרשטאַנד און העלדנמוט.
און דאָס לאַנד זאָל ער באַצווינגען מיט אַ צונג פון
געלערנטקייט.
און מיט זיין גליענדיקעס וואָרט פון אמת און געוויסן —
בייזוויליקייט און רשעות אויסראָטן, פאַרלענדן.

(בלייבט א ווײַלע שטיל. פאַרטראַכט. באַצעלטעט די אויגן מיט דער רעכטער האַנט,
ווי וועלנדיק זיך עפּעס דערמאַנען. טיפעס שווייגן)



ווי שטייט דאָרט געשריבן?
„אַ קעניג זאָלסטו מאַכן פון דיינע ברידער”
אַ ברודער מוז דער קעניג זיין,
וואָס האַלט דאָס פאָלק נישט אין דער נידער,
וואָס טיילט דעם גורל פון זיין פאָלק אין לייד און פרייד.
קינדער, ברידער, מיר פאַלט אַ געטלעכער געדאַנק איצט איין:
דער קעניג זאָל אונזערער אַ ברודער, זאָל — אַ נביא זיין!

(צו אייגעם פון די נביאים)

ברענג פונם ארון די מגלה, כ'וויל זען דאָרט געגוי דעם באַשייד.
ווי עס שטייט דאָרט געשריבן וואָרט ביי וואָרט.

(איינער פון די נביאים גייט ברענגען די מגלה. טוט א פאַרשאַר דעם פּרוכת און
דערזעט די בעצן פון בעל און עשתורת)

איינער פון די נביאים:

גאָט, וואָס זעה איך דאָ!
געצן אין גאָטס הויז!

(אַלע שפּרינגען אויף פון די ערטער, שטאַרק דערשמעטערט. דריקן אויס שטוינונג,
שרעק, פאַרווירונג, ראַטלאָזיקייט, וואָרטלאָזיקייט, דער ערשטער קומט צו זיך
שמואל הנביא)

שמואל הנביא

פאַרוואָס איז לוי דאָ נישטאָ?
גאָרנישט געמערקט, אַז ער פעלט.
זאָל ער זאָגן, ווער עס האָט די געצן דאָ געשטעלט!

איינער פון די נביאים:

לוי איז שיכור ווי לוט.
ער כערעט ערגעץ-ווו.

שמואל הנביא:

ברענגט אים אהער, מיין גאָט!

(מ'גייט ברענגען לוי'ן. אַלע שווייגן, פאַרטראַכט יעדער אין זיך, מ'ברענגט אַריין
לוי'ן. לוי ראַנגלט זיך מיט זיין פאַרשיכורטן מח)

(צו לוי'ן)

ווער האָט געבראַכט אַהער די געצן, זאָג!

### לוי:

נישט געבראַכט, געווען דאָ אין ארון!

### איינער פון די נביאים:

ווייסט נישט וואָס ער רעדט, געטרונקען אַ גאַנצן טאָג.

### לוי:

(קלאפט זיך אין דער ברוסט)

איך אַליין געזען, דאָ געווען!
דעם נביא'ס קינדער יואל און אביה תמיד דאָ געהאַלטן.

### שמואל הנביא:

מיינע קינדער, זיי תמיד דאָ געהאַלטן —
צו שווער פאר מיר, צו שווער. איך קען נישט מער.
(פאלט צוזאמען. אלע לויפן צו, מינטערן אים. ערוואכט באלד)
ניין, ניין. לאָזט מיך אַליין!
(אלע גייען ארויס, פירן לוי'ן מיט. שמואל רעדט צו זיך אויפן קול)
מיינע קינדער מיך פאַראָטן —
פון לאַנג שוין געוווסט.
געטראָגן דעם ווייטאָג באהאַלטן אין ברוסט.
געהאָפט, געוואַרט. איצט די לעצטע האָפנונג צעטרעטן.
אַן אַנדערער מוז קומען אויף מיין אָרט.
אַ נייע געשטאַלט און א ניי וואָרט.
אַ קעניג, אַ קעניג זאָל עס זיין!
קינדער, ברידער, קומט אַריין.
(אלע קומען אריין)
קינדער, ווער פון אייך האָט היינט געזען
דעם מאַן, וואָס איז ביי מיר געווען.

### אַכטער, ניינטער און צענטער נביא:

מיר האָבן אים געזען.



### שמואל הנביא:

גייט שנעלער, ברענגט אים אַהער!
(נביאים אָפּ. צו די צוריקגעבליבענע)
ווען ער קומט, זאָלט איר מיר גלייך קומען זאָגן.
(שמואל אָפּ. אלע אָפּ איינער בלייבט אויף דער וואך)

פויזע.

(אחימעץ מיט פארשטעער פון די שבטים קומען אָן)

### אחימעץ:

(צו דעם וועכטער)

איז דער נביא אין דער היים?

### דער וועכטער:

יאָ, זייט איניגע טעג.

### אַחימעץ:

קום, ווייז מיר דעם וועג.
(ביידע אָפּ)

---

# דריטע סצענע.

### שאול און אחינועם:

(שאול קומט אָן דורך איינע פון די יריעות, קוקט זיך ארום. פארגאפט, אין התפעלות)

### שאול:

ס'אַראָ טיפעס שווייגן —
מ'הערט די אייביקייט דאָ טרעטן.
דאָ רעדט גאָט מיט די פּראָפעטן.
(אחינועם קומט אָן אין בעאייל. דערזעט שאול'ן. טוט זיך גלייך א לאָז צו אים מיט אָפענע אָרעמס, אומארמט און קושט אים)

### אחינועם:

שאול, זייט ביזט אַוועק זוכן די עזעלינען —
דאָס גאַנצע לאַנד דיך אויסגעזוכט און נישט געקענט געפינען.

שאול:

(באסרייענדיק זיך פון אירע אַרעמס)

דו האָסט מיך געזוכט?
מ׳האָט מיר געזאָגט, פון דעם נביא זוכט מען מיך אַרום.

אחינועם:

דאָס האָב איך דיך געזוכט אומעטום.

שאול:

דו? האָסט דאָך געזאָגט, אַז איך בין פונם זינען!

אחינועם:

ווען?

שאול;

מיינסט איך האָב דעמאָלט נישט געוען?

אחינועם:

ווייל איך קען דיך נישט פאַרשטיין.

שאול;

(דערווייטערט זיך פון איר)

איצט וועל איך זאָגן: „ניין"!

אחינועם:

ווילסט איך זאָל אונטערגיין!

(וויינט)

שאול:

וויין נישט, פרויען-טרערן קען איך נישט פאַרטראָגן.

אחינועם:

אַלע מענער אַזוי זאָגן.
אָבער אמת ליבן נאָר די פרויען.



שאול:

איך האָב צו זיי נישט קיין פאַרטרויען.
מענער-ליבע איז אייביק ווי די שטערן.

אחינועם:

און די פרוי מוז עס קויפן מיט טרערן.

(וויינט)

שאול:

וויין נישט, איך קען נישט הערן.

אחינועם:

צום וועטקאַמף ביזטו נישט געקומען.
געלאָזט אַנדערע זאָלן מיך נעמען.
איצט שפּילסטו דעם הייליקן, דעם פרומען,
און מיך ווילסטו פאַרשעמען.
זאָג מיר, ווו ביזטו געווען?

שאול:

(אין אַ פאַרלעגנהייט)

איך... בין... כ׳האָב מיך פאַרשלאָפן.

אחינועם:

דו האָסט זיך פאַרשלאָפן...
און מיך ווילסטו שטראָפן?
איך האָב דיינע ריוואַלן פאַרלאָזט און צו דיר געלאָפן,
און דו שטויסט מיך צוריק.

(אחינועם פיקסירט אים שטאַרק מיט איר בליק)

שאול:

אָ דיין געטלעכער בליק!
האָסט געצילט און האָסט געטראָפן.
אחינועם... איך האָב דיך ליב!

(לאָזט זיך צו איר, זעצן זיך)

אחינועם:

שאול, גיב מיר דיין האנט.
איך וויל, דו זאָלסט מיר שווערן,
אַז דו וועסט מיך ליבן, אפילו ווען דו וועסט אַ קעניג ווערן.

שאול:

איך — אַ קעניג? ווי פאַלט דיר איין דאָס צו קלערן?

אחינועם:

און איך אַ קעניגן...
שאול, האָסט אַ קעניגלעכע געשטאַלט, ביזט צו דעם געשאַפן,
פעלקער זאָלן ווערן דיינע שקלאַפן.

שאול:

איך האָס די שקלאַפעריי ווי דעם טויט.

אחינועם:

(פאַרטרויליך)

שאול, דער פאָטער האָט מיר אַ סוד פאַרטרויט.
ער איז איצט ביים נביא אין הויז.

שאול:

דיין פאָטער ביים נביא אין הויז?
האָבן זיי שלום געמאַכט?

אחינועם:

עס קומט אַ נייער פאָרשלאַג אין באַטראַכט.
אַז דו זאָלסט ווערן...

(עס הערן זיך טריט)

מ'גייט, קום שנעלער פון דאַנען אַרויס.

(ביידע אָפּ)



## פערטע סצענע.

(אחימעץ און שמואל קומען אָן אין אַ שמועס)

אחימעץ:

זייער ריכטיק, זייער ריכטיק, פּאָלקאָמען איינפאַרשטאַנען,
קיין בעסערער פ'ין שאול בן ק'ש איז נישט פאַרהאַנען:
אי שיין, אי שטאַרק און פון יחוס'דיקן שטאַם —
פון שבט בנימין — ליבלינגס-זון פון פאָטער יעקב.

שמואל:

און דאָס איז דער וויכטיקסטער טעם:
ער וועט גיין אין אונזערע וועגן.

אחימעץ:

מען מוז אָבער אים קודם אַליין פרעגן.

שמואל הנביא:

איז מיין טרייסטער תלמיד, וועט פאָלגן מיין וואָרט.
געשיקט אים רופן צו מיר אין קאַבינעט.
ער וואַרט זיכער שוין אויף מיר דאָרט.
וועל באַלד מיט אים רעדן:
ער וועט זיין אי קעניג, אי פראָפעט.

אחימעץ:

שאול אויך פראָפעט?

שמואל:

וועסט הערן היינט, ווי ער רעדט.

(רופט)

לוי, לוי, לוי!

לוי:

(דערשיינט)

איך בין דאָ.

שמואל:

נעם די שופרות און מעגטשן און פאַרזאַמל דאָס פאָלק.

(שמואל און אחימעץ אָפּ. לוי אָפּ.)

פויזע.

(עס הערן זיך שופרות בלאָזן. דאָס פאָלק הויבט זיך אָן זאמלען. צווישן פאָלק קומען אויך אחיבעל, די כהנים פונם בעל און די וואָרזאָגערן. ווען דאָס פאָלק איז פארזאמלט, קומען אריין שמואל, שאול, אחימעץ און די נביאים. איינער פון די נביאים טראָגט אַ קריגל מיט בוימל. שטעלט עס אויף דעם באַלעמער. שמואל גייט ארויף אויפן באַלעמער. שאול שטייט אויף זיין רעכטער זייט. ארום די נביאים. הינטער זיי אחימעץ מיט די פאָרשטייער פון די שבטים)

## שמואל:

הערט, קינדער פון ישראל,
אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
גיי זאָג צו די, וואָס זאָגן:
מיר ווילן זיין, ווי אַלע פעלקער גלייך.
גיי זאָג זיי:
דאָס איז דאָס געזעץ און דאָס רעכט פון אַ קעניג פון אַלע פעלקער,
אייערע זין וועט ער נעמען פאַר קנעכט און אייערע טעכטער פאַר דינסטן
וועשנס און קעכנס,
אייערע מענער וועט ער איינשפאַנען אין זיינע רייטוועגן שטאָט פערד,
און זיי וועלן אים שלעפן.
און אייערע פרויען וועט ער נעמען פאַר קעבסווייבער און זיי פייניקן
אייערע פעלדער און אייערע וויינגערטנער וועט ער פאַר זיך צונעמען.
און איר וועט זיי באַאַרבעטן ווי לייבאייגענע.
און פון די פעלדער און וויינגערטנער, וואָס וועלן אייך בלייבן,
וועט איר אָבצאָל געבן — אַ שווערן צינז, וואָס וועט צונישט מאַכן
אייער אַרבעט און פאַרדינסט.
און איר וועט שרייען און עס וועט אייך קיינער נישט ענפערן,
נאָר די קנוט איבער אייערע געבויגענע רוקנס, פון אייערע אייגענע
קינדער-סאָלדאַטן!
הערט, קינדער פון ישראל, אַזוי האָט גאָט צו מיר געזאָגט;
גיי זאָג צו די קינדער פון ישראל: נישט אַזאַ קעניג וויל איך זיי
געבן.
נאָר אַ קעניג פון די נביאים-ברידער זאָלסטו זיי געבן —
אַ קעניג — אַ ברודער,



וואָס וועט ביי אייך גאָרנישט נעמען, ווי דו שמואל, מיין קנעכט,
האָסט ביי זיי גאָרנישט גענומען.
נישט איין אייזל האָסטו ביי זיי גענומען.
און נישט איין שאָף האָסטו ביי זיי גענומען.
און נישט קנעכט האָבן דיך באַדינט,
נאָר דיינע תלמידים-קינדער. אין ליבע פאַראייניקט, געלעבט און געאַרבעט.
אַזאַ קינד פון מיינע קינדער, אַ ברודער פון די נביאים-ברידער
שאול, דער זון פון קיש.

(איצט גיסט שמואל בוימעל אויפן קאָפּ פון שאול. קושט אים און זאָגט)

שואל בן קיש, ביזט קעניג פון ישראל, זיי געבענטשט.

(צום פאָלק בעווענדעט)

זאָל לעבן שאול בן קיש, מלך פון ישראל!

## קולות:

זאָל לעבן!

## אַנדערע קולות:

נידער מיט שאול!
מיר ווילן נישט האָבן אַזאַ קעניג.
מיר ווילן אַ קעניג, ווי אַלע פעלקער גלייך.

## שמואל הנביא:

(מעסט זיי אָפּ מיט אַ פאַראַכטעטן בליק. די נביאישע וואך גיט זיך צו זיי אַ לאָז יענע שאַרן זיך ארויס דורך די יריעות. איצט נעמט שמואל אַראָפּ זיין נביאים-גאַרטל, טוט אים אָן שאול'ן. גייט אַראָפּ פון דעם באַלעמער)

שאול, פאַרנעם מיין אָרט.
און זאָג זיי דיין נביאיש וואָרט.

## קולות:

שאול אויך אַ נביא? הערט, הערט!

## שאול:

(גייט ארויף אויפן באַלעמער)

אַז זיי ווילן נישט פאַרשטיין אונזער תורה. נישט שרעק,
נישט מורא,

נאָר מענטשן-ליבע דאַרף זיין די סיבה און טרייבקראַפט
פון אַלע דערשיינונגען אין לעבן.
און צו דעם דאַרפן מיר שטרעבן, די ליבע אייצופלאַנצן
אין די הערצער פון אַלע שכנים.
נישט די וועלט ווילן מיר דעראָבערן, נאָר די מענטשן,
זייערע הערצער באַצווינגן. און ווען דאָס וועט אונז געלינגען,
וועלן מיר נישט דאַרפן מורא האָבן פאַר קיינעם,
ווייל אַלע פעלקער וועלן אונז ליבן און בענטשן.

* * *

אויך אונזער גאָט קענען זיי נישט פאַרשטיין די געצן-דינער.
דעם גאָט פון געזעצן און געבאָטן.
אין דער באַגרענצונג ליגט די קונסט פון לעבן און שאַפן.
גרעניצלאָזע פרייהייט פרעדיקט נאָר דער שטן.
און די, וואָס זענען אין אים געראָטן —
פון די ליידנשאפטן אונטעריאָכטע שקלאַפן —

* * *

אויך זענען זיי פרעמד אונזערע מענטשן,
וואָס קענען פאַלשקייטן נישט דולדן,
וואָס וואַרפן אין פנים די שולדן
פון די וואָס מאָרדן מיט הייליקער מינע:
און זייען אין מענטשלעכע הערצער די שנאה
און רופן זיך העלדן און לאָזן זיך לויבן.
מיר זענען זיי פרעמד, ווייל מיר לאָזן נישט רויבן
די שוואַכע און קראַנקע מיט בעטנדע בליקן,
וואָס לעכצן נאָך הילף און טרערן זיי שטיקן.
און בעטן ביי די, וואָס קענען נאָר דריקן.
מיר זענען פון די, וואָס זייערע בלוטן זיך צינדן,
ווען זיי זעען אין לעבן אומגערעכטיקייטן.
ווען ברידער פון ברידער די הויט אַראָפשינדן
און פון זייערע ביינער פאַלאַצן זיך בויען.
מיר זענען דער שטורם און וועלן נישט רוען,
ביז עס וועלן נישט קומען נייע צייטן און נייע מענטשן!



און איך זעה דעם נייען מענטש שוין קומען, פול חכמה און
ווילנסקראַפט.
וואָס נישט מאָרדעט, נישט פאַרשקלאַפט, נאָר אייביק
צילבאַוווסט שאַפט.
און ער וועט צערברעכן אַלע געטער און געצן.
וועט הערשן איבער זיך, איבער נאַטור און אירע געזעצן.
און שטאַרק וועט ער זיין און שיין וועט ער זיין און ליב
וועט ער זיין.
און גוט וועט ער זיין -- און גליקלעך וועט ער זיין...

שמואל:

(כאַפּט אונטער שאול'ס ווערטער)

איך זעה דעם נייען מענטש שוין קומען.
איך הער שוין זיין גאַנג און פול פרייד ווערט מיין האַרץ
און מיין מויל פול געזאַנג...
והיה באחרית הימים...

(די לעצטע ווערטער זאָגט ער מיט א ניגון, חזרט זיי איבער מיט א שטייגנדיקער באַגייסטערונג, הויבט אָן אויפן אָרט שטייענדיק צו טאַנצן. ווערט אַלץ התלהבות-דיקער. רייסט מיט די נביאים און דאָס פאָלק. אַלע זינגען מיט און גייען א התלהבות'דיקן טאַנץ, אין קאַראַהאָד)

פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם.

---

# קעניג שאול

אקט IV.

פאַרשוינען פון פערטן אַקט.

שאול.
יחיאל, שאול׳ס נושא כלים.
דוד.
אחינועם.
אחיבעל.
אחימעץ.
שונמית, דינערן ביי אחינועם.
שנעל-לויפער.
סילועט פון שמואל הנביא.
פאַסטעכער און פויערים

צייט:
אין לעצטן יאָר פון שאול׳ס קיניגן.

## ערשטעס בילד.

אחימעץ, יחיאל, שאול, פאַסטעכער און פויערים.

(צווישן בערג. פאַשען שאָף. שאול דרימלט ביים עק באַרג. עס הערט זיך א פייפן פון א פאַסטעך-פייפל. גלעקלעך קלינגען אויף די העלזער פון די שאָף. שאול דערוואַכט.

**שאול:**

יחיאל, ווו איז אונזער שאָף?

**יחיאל:**

צושפּרייט אויף די בערג.

**שאול:**

ווי שפּעט?

**יחיאל:**

ווי דער קעניג זעט.
די זון שטייט אין מיטן הימל.

**שאול:**

(קוקט צום הימל)
די זון שטייט אין מיטן הימל
און ביי מיר אין האַרץ איז נאַכט.

יחיאל:

פארוואָס אזאַ קומער? האַר קעניג.
בענקן נאָך דער קעניגן מיט די קינדער?

שאול:

(פארביטערט)

קעניגן און די קינדער...

(צו יחיאלן)

איצט רו דיך אַביסל אויס
און איך וועל אַכט געבן אויף די שאָף.

יחיאל:

דער האַר קעניג איז אַזוי גוט צו מיר,
איך בין גאָר נישט מיד.
כ'וועל בעסער זינגען דעם קעניג אַ פאסטעך-ליד
אַ פריילעכס, אַ ניי.

שאול:

אַ ניי? — זינג!

יחיאל;

(זינגט)

אַ גאָלדן וועג, אַ סאַמעט וועג
אין קווייטעלעך און בלומען,
פון באַרג אַראָפּ אין טאָל אַריין
איז אַ טייכעלע געשוואומען.

שאול:

(אויפגעמונטערט)

אַ ניי ליד... כאַ, כאַ, כאַ!
איך און אַחינועם פלעגן דאָס נאָך אַלס קינדער זינגען
(אומעטיק)
ווי אַנדערש פלעגט עס דעמאָלט קלינגען.



יחיאל:

(זינגט. שאול זינגט מיט. פון סטראָפע צו סטראָפע קומט שאול אין אַ גרעסערע באַגייסטערונג. זיין קול שטייגט העכער. יחיאל'ס קול ווערט אַלץ שוואַכער. די לעצטע סטראָפע זינגט שאול אַליין.

אין מאָרגן-רו, אויף וועגן שטיל
איז אַ מיידעלע געגאַנגען.
אַ נעץ אין האַנט — דאָס מיידעלע
האָט פישעלעך געפאַנגען.
אין שטילן-רוים, ביים טייכעלע
האָט העל אַ ליד געקלונגען.
ס'האָבן באַרג און וואַלד און טאָל
דאָס לידל מיטגעזונגען.

* * *

אַ גאָלדן וועג, אַ סאַמעט וועג
אין קווייטעלעך און בלומען.
פון פעלדער ווייט, אויף וועגן שטיל,
איז אַ פאסטעכל געקומען.
דאָס פאַסטעכל — עס קען דעם וועג,
דאָס טייכל, זיינע ברעגען.
דאָס מיידעלע פון יענער זייט,
עס זינגט פון זיינעט־זעגען.

* * *

אין מאָרגן-רו, צום טייכעלע
איז אַ מיידעלע געגאַנגען.
אַ נעץ אין האַנד — דאָס מיידעלע
האָט דאָס פאַסטעכל געפאַנגען.

שאול:

(באַדויערנדיק שאָקלט מיטן קאָפּ)

אזוי איז עס, יחיאל, — געפאַנגען, געפאַנגען.
דער קעניג איז געפאַנגען —
ביים מיידעלע מיט דער נעץ אין האַנט.
איך בין קעניג און זי רעגירט מיטן לאַנד,

(הייבט זיך אויף, אין אַ שטייגנדיקער אויפרעגונג)

שוין וויפֿיל יאָר, יחיאל, שוין וויפֿיל יאָר,
זיץ איך אויפֿן טראָן. און וואָס האָב איך אויפֿגעטאָן?
זיך אָפּגעשפּאַרט אַ קאָפּ גרויע האָר,
און אַ האַרץ פֿאַרגיפֿטעט פֿון אַנטוישונג און קאָנפֿליקט.
דעם ווייטאָג אַלץ אין זיך, און זיך געשטיקט.
נאָר איך קען נישט מער.
עס בלוטעט מיין האַרץ פֿון טויזנט וווּנדן.
אַלע האָבן זיי זיך קעגן מיר פֿאַרבונדן:
פֿרוי, קינדער און פֿריינד.
שטריקן, נעצן אַרום מיר — נעצן.
גראָבן פֿאַלגריבער אונטער מיינע פֿיס.
לויערן אויף מיין לעבן.
אויף מיין אונטערגאַנג האָפֿן.

**יחיאל:**

ווילן אומברענגען אונזער קעניג?
(גיט אַ פֿייף. עס לויפֿן אָן פּאַסטעכער, קנעכט און פּויערים)
הערט, ברידער, מ׳וויל אומברענגען אונזער קעניג,
לאָמיר אים שיצן!
(שטעלן זיך אַלע אַרום שאול׳ן)

**אַלע:**

מ׳וויל אומברענגען אונזער קעניג.
לאָמיר אים שיצן.

**יחיאל:**

ווי אַ פֿעסטונג וועלן מיר שטיין אַרום אים.

**אַלע:**

ווי אַ פֿעסטונג וועלן מיר שטיין אַרום אים.



**יחיאל:**

מיר זענען אָרימע פּאַסטעכער, קנעכט, פֿאַרהאָרוועטע פּויערים,
נאָר כח האָבן מיר אין די הענט
און קראַפֿט אין די לענדן.
און ווי איז די, וועלכע רירן אונזער קעניג.
אַ ביטערן סוף וועלן זיי האָבן.

**שאול:**

(באַרואיקט און צופֿרידן)

איך האָב געוווּסט, איך האָב געוווּסט,
איין רוף –– און דאָס פֿאָלק וועט זיך זאַמלען.
איין הילפֿס-צייכן —
און אַלע פֿאַריאָגטע און געפּלאָגטע,
פֿאַרהאָרעוועטע און פֿאַרביטערטע,
עלנדע און אונטערדריקטע
וועלן שטראָמען ווי אָ באַרג-וואַסער
פֿון אַלע עקן לאַנד,
אויפֿן ווינק פֿון מיין האַנט.
און דאָס איז מיין טרייסט, און דאָס איז מיין האָפֿנונג,
און דאָס איז מיין מאַכט.

**יחיאל:**

דאָס לעבן וועלן מיר פֿאַר דיר געבן.

**אַלע:**

דאָס לעבן וועלן מיר פֿאַר דיר געבן.

**שאול:**

איך רייס אויס פֿון מיין ברוסט די אייגענע,
מיינע קינדער, מיין ווייב און מיינע פֿריינד.
און איך וואַרף מיין ווייטאָג און פֿלוך אויפֿן ווינד.
און איר וועט זיין מיינע קינדער פֿון היינט.

קומט אַהער, מיינע קינדער.

(זיי נעגטערן זיך צו אים. ער נעמט זיי ארום)

אַזוי — איר וועט מיינע קינדער זיין.
איר וועט זיין מיין האָפנונג, מיין שטאָלץ.
פאַר אייך וועל איך לעבן. פאַר אייך וועל איך שטאַרבן.

### יחיאל:

זאָל לעבן אונזער פאָטער — אונזער קעניג.

### אַלע:

זאָל לעבן אונזער פאָטער — אונזער קעניג.

### שאול:

יחיאל, נעם די שופרות און מענטשן
און זאַמל מיר דאָס פאָלק קיין רמה.
דאָרט וועל איך דאָס יובל-יאָר פּראָקלאַמירן.
און אַלע, אַלע קנעכט וועלן ווערן פריי,
און די ערד וועט איפגעטיילט ווערן פון דאָס ניי.
און אַ ניי פאָלק וועט געבוירן ווערן.
און אַ סוף זאָל עס נעמען צו די הערן,
וואָס שטרעקן זיך אויף גאָלדענע בעטן
אין רויש פון וויין, געזאַנג און זנות.
און פאַרקויפן זייער ברודער פאַר אַ בענדל פון זייער שיך.
און טרעטן דאָס פאָלק, ווי דעם שטויב מיט די פיס.
און פירן אים צום אונטערגאַנג.

### אַלע:

צום באַפעל שטייען מיר גרייט.

### שאול:

ווער גלייכצייטיק געהאָר, וואָס מאַכט דער נביא שמואל אין געזונט.



כ'האָב געהערט, אַז ער איז קראַנק. ער מוז אומבאַדינגט דאָרט אויך זיין.
ווייל טאָמער מאַכן זיי אַ בונט, וויל איך זיין מיט אים אינאיינעם.
נאָר לעת עתה זאָג נישט אויס קיינעם, צו וואָס איך רוף דאָס פאָלק קיין רמה.

(יחיאל מיט די מענטשן גייען אוועק און שאול בייט זיי באַגלייטן)

### אחימעץ:

(קומט אָן פון לינקס, טרעפט נישט קיינעם. גייט צווישן די בערג זוכן. קומט צוריק מיט שאולן שמועסנדיק)

שוין ווידער דיך געטראָפן ביי די קנעכט.
אַנטלויפסט פון די אייגענע, און די שרייסט, מ'איז צו דיר שלעכט.
מאַכסט לייטיש געלעכטער!
אַ קעניג זאָל אַ פאַסטעך זיין!
נישט דאָס האָבן מיר געמיינט. דאָס קען נישט גיין פאַריינט.
אָדער פאַסטעך — אָדער קעניג!
ווייסט, דאָס פאָלק האַלט פון דיר ווייניק,
ווייל אַ פאָלק וויל זען זיין קעניג אין פולער פּראַכט,
אין רייכטום, ווױלטאָג און איבערמענשלעכער מאַכט.
נאָר דאָס קען דעם פאָלק אימפּאָנירן —
מיט זיין קעניגס אוצרות, פּאַלאַצן שטאָלצירן.
אָבער אַ קעניג אַ בעטלער — וועט דאָס פאָלק קיינמאָל נישט רעספּעקטירן.
און דאַן האָב איך געהערט פון דיין נייעם פּלאַן,
ווילסט דאָס יובל-יאָר פּראָקלאַמירן.
ביזט דו דאָך פּשוט פון דעם זינען.
וועט זיך דען נאָך אַ משוגענער געפינען,
כאָטש איינער אין גאַנצן לאַנד,
וואָס זאָל מיט גוטן אָבגעבן זיין פאַרמעגן
און זיינע קנעכט אַרויסלאָזן פריי?

איצט וועל איך דיך נאָך פרעגן:
גוט, לאָמער זאָגן, עס וועט דיר געלינגען,
וועסט דאָס פאָלק צווינגען.
אָבער וואָס וועט דאָס פאָלק געווינען דערביי?
עס וועט אויפהערן יעדער האַנדעל-וואַנדל, קויפן, פאַרקויפן
די וואָס האָבן רייכטום, וועלן פון דעם לאַנד אַנטלויפן.
אמת, די קנעכט וועלן אַרויסגיין פריי. זיי וועלן נישט האָבן
קיין אַרבעט — און שטאַרבן פאַר הונגער, איז עס כדאי?
וועלן דיר די קנעכט דאַנקבאַר זיין דערפאַר?
ביזט זיך גראָב טועה, מיין קינד.
וועסט דערפון האָבן נאָר יסורים און צער.
און אויף דעם לאַנד ברענגסטו אַ גרויסע געפאַר.
ווייל ווער עס זייעט אומרעכט, — — שנידט ווינד.
און יוען דו וועסט מיר זאָגן: עס איז דאָך אַ געזעץ אין
דער תורה.
זאָרג דו נישט פאַר דער תורה — זי וועט שוין קומען
אויף אירס.
והיה באחרית הימים — עס וועט קומען אַ מאָל אַ צייט, עס, עס,
עס ווייט...
אָבער נישט אין די איצטיקע שוואַכע דורות.
מען מוז גוט פאַרשטיין די געטלעכע תורות.
און זיי געבען דעם ריכטיקן טייטש.
מיר—נישט—דיר—נישט — רויבן פאַרמעגנס, האָט זי זיכער
נישט געמיינט.
וואָס שפּעטער וועט זיין — אָבער זיכער נישט היינט.

## שאול:

אַ צונג וואָס רעדט אַזוי שלאַנגיש-קלוג,
איז געשאַפן נאָר פאַר באַטרוג.
גאָטס גנב דו.
האָסט מורא פאַר דיין רו.
ציטערסט פאַר דיין פאַרמעגן.



און דעם צווייטען ווילסטו באַרויבן, אפילו די ווערטן
פון זיין גלויבן.
מיר וועלן ביי דיר קיין פּירושים נישט פרעגן.
שפּעטער, שפּעטער, ניין, שוין וועל איך דעם יובל-יאָר
פּראָקלאַמירן.
איך שווער ביי מיין קרוין. איך לאָז מיך מער פון אייך
נישט פירן.
נאָר ווער האָט דיר אויסגעזאָגט מיין פּלאַן?
עס זענען געווען דאָך נאָר מיינע אייגענע מענטשן, האָבן
זיי מיך פאַרראַטן?
פאַרפלוכט זאָל זיין דער שטן!

## אחימעץ:

און דו האַלסט מיט די קנעכט! ביזט מקריב דיין לעבן
פאַר זייער רעכט.
שאול! ביזט דאָך מיין קינד. מיין טאָכטער איז דאָך דיין פרוי.
ווינש איך דיר דען שלעכטס? איבערלעג זיך די זאַך גענוי.
נאָך איז נישט צו שפּעט אַצינד.

## שאול:

ניין, איך וויל מיך נישט איבערלעגן,
אויף אייביק צוגייען זיך אונזערע וועגן.
רופסט מיך „קינד”, יאָ, איך בין דיין קינד.
דיין טאָכטער איז מיין פרוי, און איך בין פאַר דער צייט
דורך אייך געוואָרן אַלט און גרוי. דיינע ביטערע רייד שניידן
ווי מעסערס אין מיין לייב.
ווי די פאַלשע ליבע פון מיין ווייב.
זאָגסט, דאָס פאָלק האַלט פון מיר ווייניק — דאָס וועלן
מיר זען.
איר פאַרשפּרייט אין פאָלק: משוגע איז דער קעניג.
משוגע ווילט איר מיך מאַכן. איר ווילט מיך טויטן
לעבעדיקערייד.

איך וועל אייך נישט פאַרגינען אַזאַ פרייד.
נאָך בענוג שטאַרק איז מיין האַנד אויסצוּוואָרצלען דאָס
שלעכטע פונם לאַנד.

### אחימעץ:

שאול, ביזט דאָך קראַנק!
אַזוי רעדט אַ מענטש מיט אַ קלאָרען געדאַנק?

### שאול:

(אין אויפברויזנדיקן צאָרן)

משוגע ווילסטו מיך מאַכן?

(באַפט אַ שפיז, וואָס ליגט אין גראָז און וויל עס וואַרפן אין אחימעץ. אחימעץ אנטלויפט)

---

# צווייטעס בילד.

## הויז ביי שאולן.

אחינועם, דוד, אחימעץ, אחיבעל, שאול און שונמית.

(אַ געוועלבלעך הויז ביי אַ פאַרמעגלעכן פויער. אין הינטערגרונט אַ טראָן און אויף אים שטייט אויפגעשריבן: „כסא מלכות בית שאול". אחינועם זיצט אויפן טראָן, מלכות'דיק, גאוה'דיק.

### אחינועם:

שונמית, שונמית!

### שונמית:

כ'בין דאָ!

### אחינועם:

גיי שנעל, זוך מיר אויס דעם דוד.
מעג ער זיין ווי שטאַרק פאַרנומען, זאָל ער תיכף צו מיר קומען.



### שונמית:

כ'גיי.

(שונמית אָפּ)

(אחינועם גייט אראָפּ פונם טראָן. נישטערט אין די מעבעל. נעמט ארויס שאול'ס קרוין, לייגט זי אויפן טראָן)

### אחינועם:

ווען איך קוק זי אָן, ברענט אין מיר אַ פייער.
באַצאָלט פאַר איר צו טייער.
וואָלט איך אים נישט אַזוי געהאַסט

— — — — — —

ווי וואָלט זי בעסער דוד'ן געפּאַסט!

(עס הערן זיך טריט. זי באַהאַלט די קרוין)

### דוד:

(מיליטעריש געקליידט)

וואָס האָט מיך די קעניגן געזוכט?

### אחינועם:

דוד, דו ווייסט, אַז דו ביזט מיין איינציגע טרייסט
און דו לאָזט זיך נישט זען. איז שוין ווידער וואָס געשען?
האָט ער דיר ווידער שוין געוואָרפן אַ שפּיז?
ווער—ווער — איך ווייס דאָך ווער ער איז.
שוין ווען ער איז געגאַנגען זוכן די אייזעלינען,
איז ער נישט געווען ביים ריינעם זינען.

### דוד:

גאָרנישט געשען. זייט ער איז אַנטלאָפן, האָב איך אים
מער נישט געזען.
נאָר וויכטיקע מלוכה-ענינים פאַרנעמען מיין צייט.

### אחינועם:

(פאָרטזעצנדיק)

זאָג, אדרבה, צו איז נישט שגעון דער גרונט

פון זיין אייביקן אומרו און ווילדער פאַרוואַנדלונג,
די סיבה פון זיינע אַלע ביזאַיצטיקע מעשים און פּלענער ?

### דוד :

אין פאַרגאַנגענהייטן האָב איך זיך נישט ליב צו גראַבלען,
שוין ליבערשט צו דענקען וועגן דער צוקונפט,
זיך צוגרייטן צו איר ווי געהעריק.

### אחינועם :

(פּאַרטז.)

צו קען מען אַזאַ מענטשן ליבן, וואָס איז ווי דער שטורם
נישט זיכער.
בייט זיין געשטאַלט ווי די וואָלקען !

### דוד :

מוז מען ציהען נוצן פון יענעמס פעלער, געווינסן פון יעט-
ווערנס שוואַכקייט.

### אַחינועם :

(פּאַרטז.)

אָ, וויפיל יסורים און בזיונות האָט ער מיר פאַרשאַפט,
דורך זיין נישט שטאַבילן כאַראַקטער.
עס ברענט מיר דאָס פנים פאַר בושה ביז היינט,
ווען איך דערמאַן זיך דעם וועטקאַמף, ווען ער איז צו
אים נישט געקומען.
עס שטייט מיר דאָס בילד פאַר די אויגן און רייצט מיין זכרון
און ווייטאָק..
דאָס פאָלק האָט געלאגערט פאַרזאַמלט אין יום-טוב׳דיקע
קליידער פאַרפוצטע.
פרויען, קינדער און מענער, זקנים, גרייזן און שרים.
די פני פונם לאנד און די קלענסטע.
אויף בערג און אויף בוימער געהאָנגען, פאַרגאַפטע, גע-
וואַרט אויף דעם אָנפאַנג..



און איך בין געזעסן פאַרשלייערט, אויף אַ צעדערן שטול
אַ געשניצטן.
ווי אַ מלכה אויף אַ טראָן אַ דערהויבן, באַהאָנגען מיט
בלומען און מירטן.
בעאָבאַכטעט יעדע באַוועגונג, יעדוועדער מינע און אויס-
דרוק פון פנימער, אויגן און ליפּן.
אָט שטייען די אַנדערע קעמפּער אויף דער בינע, נישט
ווייט פונם זיצפּלאַץ.
איך זעה זייערע ברוסטן זיך הויבן.
מיר דאַכט, אַז איך הער פּאַסט דאָס קלאָפּן פון זייערע
הערצער — פול שפּאַנונג.
זייערע אויגן געצילטע אין מיין זייט, ווי פיילן פון בויגן,
טרעפן גלייך אין מיין האַרצן;
און צינדן זיך דאָס בלוט אין די גלידער. קרעפטיגע מענער
געוועזן, איינער שענער פון צווייטן.
און אָט איז די שעה שוין געקומען, עס בלאָזן און שאַלן
טראָמפּעטן.
עס זאָל דאָך שוין באלד זיין דער אָנהויב.
עס מוז שוין, עס מוז שוין באַגינען,
דאָך איינער איז נאָך נישט געקומען, דער וויכטיקסטער
פון די ריוואַלן,
מען זוכט אים און מען קען אים נישט געפינען. ווו איז
ער ערגעץ פאַרשוווּנדן ?
און איך זעה, ווי עס שמייכלען די מענטשן, גנביש לאַכן
אין האַרצן :
עס האָט איבערלעגט זיך דער שענסטער, אַ בעסערע זי-
כער געפונען.

### דוד :

זיך מאַכן יסורים פון זאַכן, וואָס זענען פון לאַנג שוין פאָריבער,
ליגט נישט אין אונזער כאַראַקטער.

### אחינועם:

(פּאַרטיז.)

און מיינסטו ווו איז ער געווען? פאַרוואָס איז ער נישט געקומען?

ער האָט זיך פאַרשלאָפן, כאַ, כאַ, כאַ! פאַרשלאָפן!

אַזאַ זאַך מוז מען באַשטראָפן. ווי קען מען אַזאַ מענטש ליבן,

וואָס האָט נישט קיין אייגענעם ווילן, ווערט תמיד געפירט פון אַ צווייטן,

און אויך זיין פראַווען נביאות, דערוועקט נישט פראָסט אַ געלעכטער?

עס רעדט פון אים שמואל הנביא, ווי אַ בלאָזער רופט דורך זיין שופר.

און לאָז ער נאָר אויפהערן בלאָזן, בלייבט ליגן אַ בהמה-שער האָרן.

כאַ, כאַ, כאַ! אַ בהמה'שער האָרן!

דוד, ווייסט נישט, ווי איך האַס דעם מענטש, ווי איך קען אים נישט ליידן.

וואָס פאַר אַ לאַסט עס איז מיר זיין ביי-זיין.

און איצט איז ער ווידער אַנטלאָפן, צום הונדערסטן מאָל אַנטלאָפן.

ווי גוט איך פיל מיך, ווען ער איז נישטאָ, איך בין אַזוי פריי, אַזוי פריי!

מיינע הענט ווי פליגלען זיך הויבן, דאָס האַרץ לויפט יעדן מענטשן אַנטקעגן.

עס הויבט זיך מיין ברוסט פול געזאַנג.

דוד, שפיל מיר עפּעס פון דיינע לידער.

פון די העלדן-געזאַנגען, ווען דו ביזט קעגן גלית הפלשתי געגאַנגען.

און איך, וועל זינגען, זינגען, זינגען.

כ'וועל בעטן פאַרצייען ביי די יאָרן, וואָס זענען אין אומעט פאַרגאַנגען.



### דוד:

איך בין מיליטערמאַן און קען נאָר זינגען לידער פון מלחמה.

### אחינועם:

דיינע לידער באַרוישן ווי וויין, דרינגען אין האַרצן אַריין.

### דוד און אַחינועם:

[דוד שפּילט, זינגט און אחינועם זינגט מיט
די לעצטע סטראָפע זינגט דוד אליין)

שופר בלאָז, האַק טראָמפּייט:
דער אל נקמות גייט!
ס'ציטערט די ערד, ס'רויכערן בערג
אונטער זיין פלאַמיקן טראָט.
עס בליצט זיין שווערט,
עס דונערט זיין שטים.
פעלקער, בוקט זיך פאַר אים.

*  *  *

ישראל שטיי אויף, יעקב ערוואַך!
פעלקער נעם איין און פאַרשקלאַף.
לענדער באַזעץ, נעם שלל אַ סך,
אוצרות, פערל און גאָלד.

*  *  *

די שונאים באַצווינג, צערטרעט מיט די פיס,
צערברעך זיי מיט אייזערנער האַנט.
זייערע קינדער דערשטיק. נקמה איז זיס!
די גאַנצע וועלט איז דיין לאַנד.

### אחינועם;

אָבער נישט ביי אַ קעניג, וואָס פראַוועט נביאות, שטאָט דאָס פאָלק דערציען צו מלחמה.

### דוד:

קעניגן מוטער, פון מיין האַרצן האָסטו די ווערטער גענומען.

עס לאָזט מיך נישט רוען ביי טאָג און ביי נאַכט,
ווען איך זעה אונזערע שכנישע פעלקער אַרום
זענען שטאַרק, מעכטיק און גרויס — און וואָס זענען מיר?
אַ נישטיק פאָלק פון פאַסטעכער, קנעכט און אָרעמע לייט.
און ווו איז די גרעניץ פון אונזער לאַנד?
די טרוקענע בערג פון יהודה איז דער אָנהויב און סוף.
דער ים-ברעג באַהערשט פון די פלשתים.
דער האַנדל — פון צור און פון צידון.
דער עבר הירדן — דאָס פעטעסטע ווינקל פון כנען,
פאַרנומען פון עמון און מואב.
אין רוקן ליגט אונז עמלק — דאָס וואַנדערנדיקע פאָלק
פון באַנדיטן.
און מיר ווערן דערשטיקט אין דער מיטן —
פון ענגשאפט, פון דלות און שוואַכקייט.
ווי וואָלט איך וועלן זען אַן אנדער פאָלק פאַר די אויגן.
ישראל זאָל ווידער ערוואַכן, ווי אין די צייטן פון די
ערשטע מלחמות,
ווען ער איז געגאַנגען עראָבערן דאָס לאַנד,
אונטער דער פירונג פון יהושע בן נון און אַנדערע העל-
דישע שופטים.
נישט זיין מער אַ רויב-ציל אַ לייכטעס ביי אונזערע
שכנישע שונאים,
נאָר וואַרפן אַ שרעק אויף די פעלקער. אַ אימה אויף
זיינע מלכים.
אויסברייטן די גרעניצן אונזערע ביז פרת, חידקל און
נילוס.
באַהערשן דעם ים און דעם האַנדל.
שיקן שיפן אין די ווייטעסטע לענדער.
שטרעקן די אָרעמס קיין תרשיש און אופיר, וווּ דער
שטויב איז גאָלד
און די שטיינער — דימענטן, שמאַראַגדן.



אַחינועם:

דיינע ווערטער, דוד, ווי דער זיסטער האָניק.
דיינע געדאַנקן, ווי די ליכטיקע שטערן.
איך וואָלט אייביק אַזוי געזעסן און הערן.

דוד:

ווען מען זאָל נאָר נישט שטערן.
איך וואָלט אַן אַנדער לאַנד און אַן אַנדער פאָלק געשאַפן

אַחינועם:

נאָר דו, דוד, קענסט ארויסהעלפן אונזער לאַנד.
נעמ-זשע זיין גורל אין דיין האַנט.

דוד:

פאַר דער צייט יעדער פרווו איז ווי אומרייפע פרוכט.
מאַכן אייליק די ציין, ווען מען צו פרי פאַרזוכט.

אחינועם:

אָבער וואַרטן צו לאַנג — מאַכט דאָס האַרץ שוואַך און
קראַנק.
דוד, מיר האָבן דאָך בײדע איין ווילן און איין געדאַנק.

דוד:

איך בין מיליטערמאַן. פאָרזיכטיקייט זיין געבאָט.
ער מוז וועגן און מעסטן זיין יעטוועדן טראָט.

אחינועם:

צו פיל וועגן און מעסטן, דוד, איז אויך נישט גוט.
מען מוז אַמאָל הערן דאָס געשריי פונם בלוט.

דוד:

איך הער, איך הער, מען מוז אָבער קענען וואַרטן.

אחינועם:

דוד, מיין זון שטייט אין מיטן הימעל פון מיין לעבן.
באלד, באלד הויבט זי אן אראפ אין דער נידער.
איך קען לענגער נישט ווארטן.
עס גליט און פלאקערט אין מיין הארצן מיין ליבע צו
דיר, דוד!
איך קען לענגער נישט ווארטן.

דוד:

און שאול?

אחינועם:

וועגן דעם האב איך דיך טאקע גערופן.
עס מוז נעמען מיט אים אן עק.
ער מוז איצט רוימען דעם וועג.
ביי מיר איז דער סצעפטער, דער רינג, די קרוין.
ביי דיר אין דער האנט — דאס מיליטער, איז דאס דען
שווער?
קום, זעץ דיך אויפן טראן — און שוין.

(אחינועם פירט אים און זעצט אים אויפן טראן. נעמט שאול'ס קרוין, זעצט אים אויפן קאפ. דעם רינג אויפן פינגער, דעם סצעפטער אין דער האנט)

אך, ווי וואלט דאס דיר געפאסט! און איך לעבן דיר!

דוד:

(ס'קומט אן א שנעל-לויפער, וואס ברענגט נייעס. דוד און אחינועם איבעראשט. דוד נעמט שנעל אראב די קרוין, דעם רינג, לעגט אנידער דעם סצעפטער)

די קעניגן-מוטער האט געשפאסט,
(צום שנעל-לויפער)
וואס פאר א נייעס האסטו געבראכט?

שנעל-לויפער:

איך בין שנעל-לויפער פון שמואל-הנביא געשיקט.



ער איז שווער קראנק, זיינע שעה'ן געצעלטע.
ער בעט, דוד זאל צו אים תיכף קומען.
(דוד איז אפ אין געאייל. שנעל-לויפער אפ)

אחינועם:

(באהאלט די קרוין, דעם סצעפטער. בלייבט זיצן אומעטיק, ברוגז)
צו האט ער מיך כאטש ליב?

אחימעץ:

(קומט אן פון רעכטס)
אחינועם!

אחינועם:

(שווייגט)

אחימעץ:

אחינועם!

אחינועם:

(שווייגט)

אחימעץ:

שוין ווידער אויף מיר ברוגז, פאר וועלכע זינד?
אפשר ווייניק געארבעט פאר מיין קינד?
צען וועלטן פארדרייט און דיך פאר קעניגן געמאכט.
זאג, האסטו כאטש אמאל מיינע אויפטואונגען באטראכט?
ביזטו כאטש פעאיק צו פארשטיין זייער ווערט?
וואס וואלסטו געווען, ווען נישט איך?
וואלסט געפאשעט שאף, געאקערט די ערד, אדער פאר-
בראכט דאס לעבן אין קיך.
און אויסער דיין דארף וואלסטו גארנישט געזען.
און פאסטעכער וואלטן דיינע באקאנטע געווען.
איצט ביסטו קעניגן און מיט קעניגנס קומסטו זיך צונויף.
דאס גאנצע פאלק קוקט צו דיר ארויף.
א קלייניקייט, קעניגן פון גאנצע צוועלף שטאמען.

נאָר ברוגז און ברוגז, האָסט זיך אָבגעלערנט פון דיין מאַמען,
וואָס אייביק וואָרטשעט און ברומט.
יאָ, מיר קומט, מיר קומט, מיר קומט אַזא שכר.
ווייל איך בין דער טאַטע, דער אייביקער נאַר,
עסט נישט און לעבט נישט און זאָרגט נאָר פאר אייך,
איר זאָלט למען השם זיין גליקלעך און רייך.
ווייסט, שאול האָט דאָך געוואָרפן אויך אין מיר אַ שפיז,
בין קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן פאַר אים.

## אַחינועם:

(וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסן ברוגז, צעלאַכט זיך איצט סאַרקאַסטיש)

כאַ, כאַ, כאַ! אַבי דו ווייסט שוין אויך, ווער ער איז.
אַבי איך הער שוין פון דיר אַן אַנדער שטים.
האָסט דיך אַלץ געסטאַרעט פארעדן, פאַרגלעטן, וואַרפן
אויף אונז די שולד,
מיר זאָלן וואַרטן, וואַרטן, האָבן געדולד.
אפשר וועט ער זיך בעסערן, אַנדערש ווערן.
איצט קלאָגסטו אויף דיין גורל — רעדסט און מען וויל
דיך נישט הערן,
ווער איז שולדיק אין אַלע צרות, ווען נישט דו?
צוליב דיר האָב איך פאַרלוירן מיין יוגנט, מיין גייסט, מיין רו.
איך האָב שאולן קיינמאָל נישט געליבט, קיינמאָל נישט
געוואָלט
דו האָסט מיר איינגערעדט, טויזנט גליקן געמאָלט,
וועסט זיין אַ קעניגין, וועסט וווינען אין פּאַלאַצן.
נישטאָ ווער זאָל לאַכן, ס׳קען איינעם די גאַל פּלאַצן.
קוקט אָן די פּאַלאַצן — די פויערישע כאַטע!
און קוק אָן די קליידער — שמאַטע שבשמאַטע.
איך שעם מיך פשוט צווישן מיין גלייכן צו קומען.
וואָלט איך שוין בעסער אַן איינפאַכן פויער גענומען.
איצט ווילסטו איך זאָל דיר דאַנקבאַר זיין דערפאַר?



פאַר אַ לעבן פון קרענק און יסורים און צער!
תמיד האָב איך דיך געפאָלגט — אָ, איך נאַר!
(וויינט)

## אַחימעץ:

ביזט גערעכט מיין קינד, ביזט גערעכט, ביזט גערעכט!
מיר זענען אַריינגעפאַלן, שאול בלייבט אַן אייביקער נאַר.
מען מוז מאַכן מיט דעם אַן עק, מען מוז זוכן אַן אַנדערן
וועג.
אַחינועם, מיין קינד, איצט איז נישט קיין צייט פאַר טענות
און פאַרדרוס.
די סכנה איז נאָענט און גרויס. גיי שנעל. זוך דעם דוד אויס
מיר מוזן האָבן אַ געהיימע באַראָטונג.
מיר מוזן פאַסן אַ פעסטן באַשלוס.

## אַחינועם:

(קוקט אים אָן מיט פאַרווונדערונג און פראַגע)

## אַחימעץ:

פרעג נישט, גיי שנעל און קום צוריק.
דען אויף אַ האָר הענגט אונזער אַלעמענס גליק.
(אחינועם אָפּ לינקס)

(אחיבעל קומט אָן פון רעכטס. אחימעץ לויפט אים אנטקעגן)

שלום עליכם, אַלטער פריינט, ברוך הבא!
שוין לאַנגע יאָרן זיך נישט געזען, עפעס גרויסעס געמוזט
געשען

## אחיבעל:

נאָך נישט געהערט? שמואל הנביא געשטאָרבן!

**אחימעץ:**

שמואל הנביא געשטאָרבן? — אַ לויב דיר, אייביקער גע-
רעכטער!

**אַחיבעל:**

שמואל געווען אַ מענטש אַ שלעכטער.

**אחימעץ:**

לערן דיין צונג מיט פאַרזיכטיקייט רעדן.

**אַחיבעל:**

האָפנטלעך בלייבט עס צווישן אונזביידע.

**אַחימעץ:**

ווענט האָבן אויערן. דאָס פאָלק וועט נאָך אים טרויערן.
אַזוי פיל יאָרן דאָס פאָלק געפירט.. גערי‎כטעט.

**אַחיבעל:**

און אונז פאַרניכטעט!
ווען זיינע געזעצן וואָלטן פאַרווירקלעכט געוואָרן,
וואָלט איר אַלע געווען פאַרלוירן.

**אחימעץ:**

דאָס ווייס איך, דאָס האָבן מיר געוווסט און זיך געמיט
זיין לעבן לאַנג איבערוואַכט און אָפּגעהיט,
זיינע תורות זאָלן ווערן אזוי אויסגעטייטשט, דערקלערט
אַז דאָס לעבן זאָל נישט ווערן דורך זיי געשטערט.
און גוט וואָס איר זענט איצט געקומען צו מיר,
אַ גרויס געפאַר לויערט פאַר אונזער טיר.
מ'וויל ווידער שלעכט אויסטייטשן שמואל הנביא'ס תורה.
און איך האָב מורא, אַז דאָס איצטיקע מאָל וועלן מיר
מוזן מאַכן גאָר ענערגישע שריט.



אַז מען זאָל אונז איינמאָל פאַר אַלע מאָל ריכטיק פאַרשטיין,
אויב עס וועט מיט גוטן נישט גיין.

**אחיבעל:**

איך ווייס נאָך נישט וווהין צילן דיינע רייד.
ווי איך מיין, פאַרשאַפט דיר אונזער לאַגע אויך נישט
קיין פרייד.
אָבער וואָס זאָלן מיר נאָך זאָגן, פאַרפאָלגטע, געיאָגטע.
וואָס לא די די אַלע הבטחות — אונז צוגעזאָגטע
זענען נישט מקוים געוואָרן, גייען מיר אַלע צוגרונד און
פאַרלוירן.
שאול פאַרניכטעט אונז מיט מערדערישער האַנט.
ס'איז שוין באַלד קיין זכר נישטאָ פון אונז אין לאַנד.
איצט וועלן מיר עס לענגער נישט דולדן.

**אחימעץ:**

נישט אין אונזער נאָמען האָט ער עס געטון, ער אַליין
דאַרף טראָגן די שולדן,
אויך אונז פאַרשאַפט ער יסורים און צער.
און איצט דראָט אונז פון זיין זייט אַ גרויסע געפאַר.
ער וויל דאָך דאָס יובל-יאָר פראָקלאַמירן.

**אַחיבעל:**

כאַ, כאַ, כאַ! איצט זאָלט איר אויך דעם טעם פאַרזוכן.
און גלייך ווי מיר אייער גורל פלוכן.

**אַחימעץ:**

מיר וועלן דאָס נישט דערלאָזן.
מיר זענען קיין שרעקעוודיקע האָזן.
(פאַרטרווילעך)
מיר וועלן אַן אַנדערן אַרויפזעצן אויפן טראָן.

**אַחיבעל:**

שוין די העכסטע צייט! גענוג זיך אָנגעליטן.

### אַחימעץ:

ביי שמואל הנביא׳ס לעבן — סקאַנדאַלן אויסגעמיטן.
אָבער מיר האָבן שוין פון לאַנג עס געוואָלט טון.

(דוד און אחינועם קומען אָן. ווילן אָנהויבן דערציילן)

שוין געהערט, שוין געהערט, די אבידה איז גרויס, זייער גרויס.

נאָר די מלוכה-ענינים גייען פאָרויס.
דאָס מלוכה לעבן טאָר נישט ווערן געשטערט.
אויך אין מאָמענט פון טרויער מוז מען שטיין אויף דער וואַך.
מיין פריינד האָב איך שוין דערצעלט, איצט, קינדער, הערט:
שאול וויל דאָס יובל יאָר פראָקלאַמירן.
זעצט אייך, און לאָמיר זיך אינאיינעם באַראָטן, איבערלעגן,
וואָס פאַר א מיטל מיר זאַלן אָננעמען דאקעגן.

### דוד און אחינועם:

דאָס יובל יאָר פּראָקלאַמירן — וויל אונז רואינירן!

### אַחימעץ:

רואינירן, פארניכטן! ווער האָט זיך דאָס געקענט ריכטן,
ער זאָל זיך דערוועגן טון אזאַ זאַך. אין מיטן העלן טאָג איבערפאַלן,

און רויבן.
וואָס — וואָס, דאָס וואָלט איך קיינמאָל נישט געקענט גלויבן,
זאָגט דער יידישער גאָט — ווויל! ווילסט די נביאישע תורה — גוט.

נישט עסן קיין חזיר, נישט עסן קיין בלוט,
נישט גאָלן די פאות, שעטנז נישט טראָגן,
אדרבה, מהיכי תיתי — איך וועל קיין שלעכט וואָרט נישט זאָגן,
אָבער דאָס פאַרמעגן, אַוועקרויבן דאָס פאַרמעגן,
דאָס פאַרמעגן, געוואַלד, דאָס פאַרמעגן, דאָס זאָל זיך קיינער נישט דערוועגן.



דאָס וועלן מיר קיינעם נישט שענקן, קיינעם נישט שווייגן.
אַפילו גאָט אַליין טאָר עס נישט טאָן.
און דאָס וועלן מיר שאול׳ן אויך איבערצייגן׳
דאָס מוז אים קאָסטן דעם טראָן.
און מיר מוזן גלייך באַשליסן, וואָס מיר האָבן צו טאָן.
נישט פאַרזיימען איין מאָמענט.
נישט זשאַלעווען קיין קרבנות, אָן מיטגעפיל און רחמנות.
וייל ווען דאָס הויז ברענט, רייסט מען אין די אייגענע ווענט.
קינדער און פריינט, איר קענט מיך נישט פון היינט.
איר ווייסט, איך בין אַ מענטש מיט געדולד, קען פאַרצייען א שולד,
אָבער דאָס וועל איך שאול׳ן קיינמאָל נישט פאַרגעבן.
רירט ער אָן אונזער פאַרמעגן — האָסט עס אים דאָס לעבן.
און איך האָב שוין פאַרטיק אַ פּלאַן.
מיט אַלע מיטלען וועלן מיר אים רעאַליזירן.
אַלע מיטלען זענען כשר. וואָס פירן צום ציל.
דוד, דו וועסט זיין דער מאַן, וואָס קומט אויף זיין אָרט.
נאָר, זאָג מיר דוד. וואָס איז געווען דאָס לעצטע וואָרט,
וואָס שמואל האָט דיר געזאָגט פאַרן טויט?

### דוד:

לעבן בשלום מיט שאול׳ן, נישט פאַרלאָזן אים אין אַ נויט,
העלפן איינפירן די נייע געזעצן אין לעבן.

### אחימעץ:

פאַלש! דאָס טאָרסטו נישט דערציילן.
איז עמיצער געווען דערביי און געהערט?

### דוד:

קיינער נישט געווען.

### אחימעץ:

האָט דיך שמואל פאַר א קעניג געוויילט פאַרן טויט,
פארשטייסט?

**דוד און אחינועם:**

(קוקן זיך איבער)

**אחימעץ:**

און דאָס זאָל מען גלייך אין פאָלק דערציילן, פאַרברייטן
די נייעס ווי ווייט מען קען.

(צו אחיבעל)

און דו, מיין פריינט, גורט אָן דיינע לענדן און גיי אין
לאַנד, אין אַלע עקן און ענדן.
און פאַרברייט די נייעס צווישן דיינע באַקאַנטע און פריינט,
ווייל אונזער אַלעמענס גאולה הויבט זיך אָן פון היינט.

**אחיבעל:**

אָבער דאָס אליין איז נאָך ווייניק,
שמואל׳ס צואה וועגן קעניג.
מיט וועלכע מיטל וועסטו עס רעאַליזירן?

**אחימעץ:**

מיר וועלן שוין וואָס פראָבירן.
דוד, גיי צום קעניג פון די פלשתים, אָכיש מלך גת,
מיר מוזן אויף אַ מאָמענט פאַרגעסן אונזער האַס,
און שליסן מיט אים אַ בונד קעגן אונזערע אייגענע שונאים.
און ווען דאָס פאָלק וועט זיין פאַרזאַמלט אין רמה,
זאָל ער זיי איבערפאַלן, מאַכן אַ מלחמה,
און מיר וועלן אַלע אַריבער אויף זיין זייט
מיט אונזערע חילות, וואָס זענען אונז טריי.
זאָלסט אים דערקלערן די סיבות פון אונזער שטרייט,
אַז ער איז אויך בלוטיק פאַראינטערעסירט דערביי,
וואָרום קוים ווערן ביי אונז די קנעכט באַפרייט,
וועט עס זיך אַריבערטראָגן אויך אין זיין לאַנד.
עס וועלן מאַכן אַלע קנעכט איין האַנט.
און עס וועט, חלילה, אונטערגיין די וועלט.
דוד, נישט פיל איבערלעגן, גיי שוין!



**אחינועם:**

איך גיי אויך מיט. דוד, מיר נעמען מיט אויך די קרוין.

(זי נעמט ארויס די קרוין, פאַקט זי איין און לאָזן זיך גיין. שאול דערשיינט פלוצים. שאול גיים אין צעריסענע קליידער, א זאַק אויף די לענדן, אַש אויפן קאָפּ — א סימן אבלות. שטאַרק צעשויבערט און זעט אויס ווי מטורף. אחימעץ, דוד און אחינועם ווערן בלייך פאר שרעק און פאַרווירונג. לאָזן אראָפּ די קעפּ. אחיבעל רוקט זיך תיכף ארויס)

**שאול:**

(קוקט זיי אָן)

געוויס, איר זענט טרויריק, דערשלאָגן.
דער ווייטאָק איז גרויס, נישט צום דערטראָגן.
נישטאָ אונזער פאָטער שמואל. די זון פונם פאָלק איז
אויסגעלאָשן.
לאָמיר זיך פאַראייניקן אין טרויער.
פאַרגעסן שטרייט און מחלוקת, שליסן שלום
און גיין אין זיינע וועגן.

**אַלע:**

(שווייגן)

**שאול:**

איר שווייגט, איר זענט גערעכט, ווי טאָר מען איצט רעדן,
פאַרהאַנדלען.
איצט מוז מען נאָר וויינען און קלאָגן.

(זעצט זיך אראָב און זאָגט א קלאָג-ליד נאָך שמואל׳ן. אַלע רוקן זיך ארויס פאַ-וואַלע אומבאמערקט)

אַראָפּגעפאַלן די קרוין פון אונזער קאָפּ. אונזער שטאָלץ
געבראָכן!
פאָטער און לערער איז אַוועק פון אונז, ווער וועט אונז פירן?

* * *

וויינט און קלאָגט קינדער פון עלנט, ווער וועט זיך אָננע-
מען פאַר אייך?

אלמנות און יתומים — ווּ איז אייער שופט ?
טרוקן איז אונזער טרערן קוואַל — מיר קענען נישט וויינען.
שטום ווי די בערג וועלן מיר זיצן און שווייגן.
— — — — — — — — — — —
שטום, ווי די בערג, זיצן און שווייגן.

(פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם)

---

# דריטעס בילד.

דאָס זעלבע הויז ביי שאולן.

יחיאל, אַ שנעל-לויפער און שאול.

יחיאל:

(יחיאל פאַקט זאַכן. גרייט צו צידה לדרך — קיין רמה, ווו שאול דאַרף באַלד גיין פּראָקלאַמירן דעם יובל. ציילט די פּעקלעך)

דאָ זענען די זאַכן. דאָס איז דאָס עסן.
זאָל כאָטש קיין זאַך נישט פאַרגעסן,
ווער ווייסט וואָס עס קען זיך מאַכן, ווי לאַנג עס קען דויערן.
מ'מוז אויך מיטנעמען ווין. עס וועט דאָך אַ גרויסער יום-טוב זיין,
אַ קליינ־יקייט, אַ גאַנץ פאָלק באַפרייען.

שנעל-לויפער:

(אָנגעקומען פון רמה)

איז שוין אַלץ פאַרטיק, גרייט צו וועג ?

יחיאל:

איך האָרעווע שוין אייניקע טעג.
באַלד, באַלד איז אַלץ שוין גרייט.

(צום שנעל-לויפער)

און דאָס פאָלק גייט קיין רמה, גייט ?



שנעל-לויפער:

עס שטראָמט דאָס פאָלק פון אַלע עקן לאַנד.
נאָר וואָס דויערן די צוגרייטונגען אַזוי לאַנג ?

(עס הערט זיך פון דער ווייטנס זינגען)

הערסטו דאָס געזאַנג ? דאָס זינגען זיי אין גאַנג.

יחיאל:

וועט עס דאָרט זיין אַ שמחה, אַ פרייד.

שנעל-לויפער:

(מיט אַ געענדערטער שטים)

זאָל מיך גאָט נישט שטראָפן פאַר די רייד.
איך האָב עפּעס אין רמה געהערט, אַז די האָר שטעלן זיך קאַפּויר.
און איך בין געקומען ווערן געוווּיר,
צי עס איז, חלילה, עפּעס וואָר דאַרין.

יחיאל:

(קוקט אים אָן מיט שרעק)

נעם מיר נישט אַרויס די נשמה.
זאָג, וואָס האָסטו געהערט אין רמה ?

שנעל-לויפער:

אַז דער קעניג איז קראַנק, חלילה, פונם זין !

יחיאל:

שאַ, שטיל, פאַרמאַך דאָס מויל.
וואָס מענטשן קענען זאָגן, אַ שרעק, אַ גרויל.
זייט דעם נביא'ס טויט, איז דער קעניג אומעטיקער, באַוועגונגס-שווערער
אָבער די געדאַנקען טיפער, קלערער !
זאָלסט אַזעלכע נאַרישקייטן נישט נאָכזאָגן מערער.

### שנעל-לויפער!

זיי אויף מיר נישט בייז. איך האָב געהערט נאָך עפּעס דאָרט.
(שטיל פאַרטרויליך)
אַז מ׳וועט אַן אַנדערן קעניג מאַכן אויף זיין אָרט.

### יחיאל:

כאַ, כאַ, כאַ! רעדט כאָטש נישט אַזאַלכע זאַכן,
מ׳וועט דאָך פון דיר לאַכן!
פון וועמען האָסטו אַזאַלכע שטותים געהערט,
אַזאַ קעניג וועט מען אַראָבזעצן פונם טראָן?
אַ קעניג גייט באַפרייען די קנעכט, פאַרטיילן די ערד —
אַזאַ קעניג וועט מען טראָגן אויף די הענט.
מ׳וועט קושן די ערד, אויף וועלכער ער טרעט.
דעם יובל פראָקלאַמירן האָט ביז איצט קיינער נישט געקענט,
נישט געוואַגט, אפילו נישט שמואל דער פּראָפעט.
און דאָס פאָלק איז פאַרשקלאַפט.
און שאול פירט עס דורך מיט געוואַלדיקער קראַפט.
פירט אַ קאַמף מיט זיינע אייגענע, מיט זיין גאַנצן אַרום.
און זיי פאַרשפרייטן עס די פאַלשע קלאַנגען אומעטום.
זיי מיינען, דאָס פאָלק וועט בלייבן ווייטער דום.
און וועט זיי גלויבן.

### שנעל-לויפער:

יחיאל, זיי נישט בייז, נאָר דאָס מאָל,
איך האָב געהערט דערציילן, אפילו וועמען מען וועט פאַר
אַ קעניג וויילן.

### יחיאל:

? ?

### שנעל-לויפער:

דוד׳ן.

### יחיאל:

ער איז דאָך טאַקע פון דער כנופיה, פון די שונאים,



וואָס גראָבן אונטער זיין טראָן.
זיי מעגן זיך שעמען אין זייער ווייטן פּנים,
מיט וואָס פאַר אַ מיטלען זיי פירן מיט אים מלחמה.
זיי ווען אים אָבער גאָרנישט קענען טאָן,
ווייל דאָס פאָלק איז מיט אים, מיט דער גאַנצער נשמה.
דאָס וועלן זיי זיך איבערצייגן אין רמה.
און צו די שונאים וועט נעמען אַ סוף.

### שנעל-לויפער:

יחיאל, נאָך איין מאָל, דאָס לעצטע מאָל,
דאַן זאָלסטו מיך פאַריאָגן. איך האָב געהערט דאָרט זאָגן,
אַז דוד האָט אַליין דערציילט, דאָס שמואל הנביא פאַרן טויט
האָט אים פאַר אַ קעניג געוויילט.

### יחיאל:

אַז דוד האָט אַליין דערציילט, איז עס זיכער געשען.
דער שטומער האָט דערציילט, אַז דער בלינדער האָט געזען.
(פון הינטער דער בינע הערט זיך שאול׳ס קול, ער פרעגט עפּעס יחיאל׳ן, נאָר מען
הערט נישט קלאָר וואָס. יחיאל צום שנעל-לויפער)
איצט טראָג דיך שנעל אָפּ. גיי זאָג, אַז די פאַברייטער פון
די שקרים וועט עס קאָסטן דער קאָפּ.

### שאול:

(מלכות׳דיק אָנגעטון, שטאָלץ. גוט אויפגעלעגט)
האָסט עס צוגעגרייט, יחיאל, ממש, ווי צו א מלחמה.
ווי גוט איך פיל מיך היינט, ווי לייכט איז אויף דער נשמה,
יחיאל, איך בין היינט גליקלעך, ווי ניי געבוירן.!
וועל נאָכן פאָטער שמואל מער נישט טרויערן,
ווייל איך גיי פאַרווירקלעכן זיינע געבאָטן.
זיך געגוג געראַנגלט מיט דעם שכן.
מיט מיין אייגן בלוט און לייב, קינד און ווייב.
מיט פאַלשע ליבעס קייטן מיך געבונדן.
איצט האָב איך זיי צעריסן, צעפליקט.

יעדע מענטשן-שוואַכקייט אונטערדריקט.
איך בין פריי, פריי און...

(שאול דערענדיקט נישט דעם זאץ און ווערט פלוצים בלייך. זעצט זיך אראָפּ און די בלייכקייט ווערט אַלץ שטאַרקער)

### יחיאל:

(פאַרוואונדערט, דערשראָקן)

וואָס איז דער קעניג אַזוי בלייך געוואָרן?

### שאול:

איך האָב מיך אַ שרעקלעכן חלום דערמאַנט.
זייט דעם פאָטערס שמואל׳ס טויט, האָב איך שרעקלעכע חלומות.
איך זינק, איך פאַל אין שוואַרץ-טיפע תהומות.
קוילער מיך באַרג אַראָפּ, באַרג אַראָפּ...

(ציטערנדיק)

די נאַכט... האָט מיר אַ האַנט, אַ מאָדנע לאַנגע האַנט...
קיין פנים נישט געזען, דאָך געווען אַזוי באַקאַנט,
די קרוין אַראָבגעריסן פון מיין קאָפּ.
און עמיצער געזעסן אויף מיין טראָן.
געשטשירעט מיט ווייסע ציין און געלאַכט, געלאַכט.
און איך האָב ערוואַכט.
אַ נאַכט אימה איז מיך באַפאַלן, אַ טיפע מרה שחורה,
מרה שחורה.

(ציטערנדיק אויף אַלע גלידער)

יחיאל, איך האָב מורא... איך האָב מורא...
איך האָב מורא...

### יחיאל:

אַך, נאַכט-געשפּענסטער, חלומות-פּיין.
זאָל דער קעניג טרינקען אַ גלאָז וויין.
טרייבט די מרה שחורה אַרויס, טייערער קעניג, האַלט אויס,
האַלט אויס!

(יחיאל גיט אים אַ גלאָז וויין. ער טרינקט און קומט צוביסלעך צו זיך)



### שאול:

מיין ליבער, שוין פאָריבער, שוין פאָריבער,
שוין... שוין... שוין...
יחיאל, ווייסט, איך וויל מיטנעמען אַהין די קרוין.
איך וויל דאָרט אין פולער קעניגלעכער פּראַכט
דעם יובל פּראָקלאַמירן מיט מאַכט.

### יחיאל:

(יחיאל גייט זוכן די קרוין אין איר שטענדיק באַשטימטן אָרט און די קרוין איז נישטאָ)

די קרוין איז נישטאָ!

### שאול:

די קרוין איז נישטאָ? די קרוין... די קרוין...

(עס הערן זיך קולות פון הינטער דער בינע, געשרייען, ליאַרעם)

### שנעל-לויפער!

(אַריינלויפנדיק)

די פלשתים זענען באַפאַלן רמה,
אַ מלחמה!

### שאול:

(כאַפּט זיין שפּיז און שילד, אַרויסלויפנדיק)

מלחמה, מלחמה!

פאָרהאַנג פאַלט ראַש.

---

# פערטעס בילד.

שאול. יחיאל און סילועט פון שמואל הנביא.

(צווישן בערג, באַלויכטן פון לבנה-ליכט, אויפן שלאַכטפעלד. שאול — שמוציק, אָבגעריסן, צעשויבערט. פאַרוואונדעט אין שטערן, פון וועלכן עס שטראָמט בלוט, ליגט אין חלשות. יחיאל קומט אַביסל שפּעטער, שלעפּנדיק פּעקלעך, פאַרסאָפּעט, פאַרשוויצט. לויפט גלייך צו צו שאול׳ן)

### יחיאל:

דער קעניג פאַרוואונדעט, פאַר׳חלשט, אַ טויט בלאַסער!

(ווישט אָב דאָס בלוט, טאַמעוועט עס, מינטערט אים. שאול ערוואַכט)

### שאול:

וואַסער, וואַסער!

**יחיאל:**

(גיט אים וואסער)

אַזאַ אומגליק געטראָפן.
אַלע זענען זיך פון שלאַכטפעלד צעלאָפן. סאָלדאַטן, שרים און קנעכט.
און דעם קעניג געלאָזט אַליין.

**שאול:**

(נאָך אַלץ ליגנדיק)

מיר איז אזוי שלעכט!

(חייזנדיק אויפן האלז)

אָט, אַ דאָ שטיקט!

(יחיאל גיט אים עפּעס פון א כלי, שאול בעניסט און ווערט אויפגעמונטערט)

האָסט מיך דערקוויקט!

(זעצט זיך אויף, קוקט זיך ארום מיט א פארווירטן בליק. שווייגט א לענגערע צייט, דאן:)

יחיאל, איך וויל מיטן פאָטער שמואל רעדן!

**יחיאל:**

(פארוואונדערט, דערשראָקן)

מיטן פאָטער שמואל?

**שאול:**

איך מוז מיט אים רעדן.

**יחיאל:**

ער לעבט דאָך נישט!

**שאול:**

(פאַרטזעצנדיק)

לאָז ער מיר זאָגן, געבן באַשייד, פאַרוואָס אזאַ סוף?

**יחיאל:**

חלילה, נישט קיין סוף,
די פאַרעטער געמאַכט אַ בונט. דער קעניג וועט ווערן געזונט,
באַקומען זיי די שטראָף.

**שאול:**

שטראָף... שטראָפן... פאַרוואָס דאָס פאָלק אַנטלאָפן?
די קנעכט?

**יחיאל:**

זיך נישט צוגעגרייט צום געפעכט.
אַ מלחמה נישט דערוואַרט.



**שאול:**

אַלע מיך גענאַרט, אַלע גענאַרט!
ווי קען מען עס פאַרטראָגן,
ס'ברענגט פונם זין!

(הייך אויפשרייענדיק)

איך רוף פאָטער שמואל צום דין!, אים פאַרקלאָגן.
זאָל ער זאָגן:
פאַרוואָס דאָס אומגליק היינט?
פאַרוואָס גייט גאָט מיט זיינע פיינד?
לאָזט רשעים זיגן און זיינע פריינד באַטריגן?

**יחיאל:**

זאָל דער קעניג אַזוי נישט רעדן,
זיך נישט לאָזן ברעכן פון די ליידן.
וועט נאָך דערציילן עס אין פריידן.

**שאול:**

(בארואיקטער)

ער האָט מיך געלערנט גלויבן אין דעם מענטש,
זיך פאַרלאָזן אויף זיין פאַרשטאַנד,
בויען אויף זיין געפיל און איינזען,
און ער איז פאַלש און נאַריש, שלעכט און פאַרעטעריש, אַ פּחדן און אַ לייכטזין.
טויב און בלינד פאַר אמת און גערעכטיקייט. ערלעכקייט איז אים פרעמד.
פאַלשקייט שימערט אין זיין אויגן-גלאַנץ, צביעות — אין זיין געשליפן וואָרט.
קנעכטיש און אונטערטעניק ווי אַ הונט.
נאָר די קנוט איז זיין לערערין, וועגווייזער.

**יחיאל:**

איך בין אַ פראָסטער מענטש — אַ פּאַסטעך געווען,
מיין צונג נישט געלערנט. שיין רעדן קען איך נישט.
נאָר פון צרות דאַרף מען נישט פאַרצווייפלען.
זיי זענען אַ פּראָבע פון מוט און אויסדויער.

**שאול:**

פאַרוואָס האָבן מיך פאַראָטן מיינע נאָענסטע?
דאָס פאָלק — פאַר אים מקריב געווען דאָס לעבן.

**יחיאל:**

דאָס פאָלק איז אַנטלאָפן פאַרן פלוצלעכן איבערפאַל.
אָבער די וואָרצלען פון דיין לערע זיצן זיי טיף אין די הערצער.

שאול:

(פאַרטזועצנדיק)

און איך בין געווען יונג, שיין, שטאַרק און מוטיג.
מענער האָבן מיך געאַכטעט און פרויען געליבט.
ביי די עלטערן געווען — דאָס עפּעלע פונם אויג, זייער שטאָלץ און האָפנונג.
ביי די חברים דער ליבלינג געווען.
און די וועלט געווען אַזוי גין־גאָלדיק און פריי.
דער טאָג האָט געאָטעמט מיט לוסט. די נאַכט מיט ליידנשאַפט.
די שטערן האָבן געווינקען מיט ליבע
און די ווינטן מיך געגלעט ווי פרויענהענט.
און זאָרגלאָז האָב איך געוואַנדלט באַרוישט פון אייגענער לעבנספרייד.
און ער האָט מיר אָנגעטאָן דעם נביאישן מאַנטל פון זאָרג,
דעם יאָך פון פרעמדע יסורים. צו פילן דעם ווייטאָג פון אַנדערע,
די ליידן פונם מענטש, ווי דאָס אייגענע. נישט פאַרטראָגן קיין עולות,
זיך צינדן ביים זען פון פאַרברעכן,
אין פלאַמיקן צאָרן — ביי פאַלשקייטן.
און דאָס האַרץ, ווי אַ ים ביי אַ שטורם.
רו און געמיט זאָל מיר פרעמד זיין.
פאַרוואָס, יחיאל, פאַרוואָס? פאַרוואָס האָט כ׳יך גאָט פאַרלאָזט?

(זיך ראנגלדיק פון צווייפל)

אויך פאָטער שמואל מיך גענאַרט? געזאָגט ליגן?
פאַלש געווען זיין וואָרט, זיין תורה?

(צעוויינט זיך היסטעריש)

אויך פאָטער שמואל... מיך... גענאַרט... געזאָגט ליגן...
מיין קאָפּ! מיינע זינען!

(אויפברויזנדיק אין שגעון)

דאן וויל איך מער זיין גאָט נישט דינען!

(רייסט פון זיך אראָב דעם נביאישן גארטל און ווארפט עס פאר זיך)

נאַ, זאָל ער עס נעמען!

(רייסט די באָרד די האָר פונם קאָפּ

נאַ, זאָל ער זיך שעמען!
יחיאל, גיי ברענג מיר דעם פאָטער שמואל אַהער!

יחיאל:

דער פאָטער שמואל לעבט דאָך נישט מער!

שאול;

לאָז אים מיר ברענגן מיט כישוף!

יחיאל:

כישוף איז דאָך פאַרבאָטן.



שאול:

כאַ, כאַ, כאַ! כאַ, כאַ, כאַ! פאַרבאָטן!
ווען גאָט האָט מיך פאַראָטן, דאַן גיי איך צום שטן.

יחיאל:

דער קעניג איז קראַנק, צעפּרעסן פון פארדרוס.
זאָל איצט נישט פאַסן קיין באַשלוס.

שאול:

איך בין קראַנק... כאַ, כאַ, כא! כאַ, כאַ, כא! קראַנק!
צווייפלסט שוין אויך אין מיין פאַרשטאַנד?

(שרייט) יחיאל! יחיאל! יחיאל!

(כאפט זיין שפיז און לאָזט זיך צו אים, יחיאל אנטלויפט. שאול לויפט אים נאָך פאלט אָבער צוזאמען פאר שוואַכקייט. ליגט מיט פארמאכטע אויגן. אָטעמט שווער, ווי איינגעשלאָפן. סילועט פון שמואל הנביא דערשיינט. שאול ווערט אויפגעציטערט אויפן גאנצן קערפּער און רעדט מיט פארמאכטע אויגן, ווי פונם שלאָף, געווענדעט אין דער זייט פונם סילועט)

פאַרוואָס האַט גאָט פון מיר זיך אָבגעקערט?
איך ווער פון צווייפל אויפגעצערט.

סילועט פון שמואל הנביא:

ווער עס צווייפלט. קען נישט זיגן.
מאָרגן וועסטו אין קבר ליגן. (סילועט פארשווינדט)

שאול:

(ערוואכט, קוקט זיך ארום לאנג, פארווירט, חזרט איבער די ווערטער פון שמואלן)

„מאָרגן... וועסטו... אין... קבר... ליגן...“
אויך ער... מיין פיינד...

(עס דערהערן זיך קולות פון דעם זיך נענטערנדיקן פיינד)

דער שונא קומט... די פלשתים...

(טוט זיך א הויב פונם אָרט, גיט א כאפ דעם שפיז

זיי דו מיין לעצטער פריינד!

(ווארפט זיך אויפן שפיז) (פויזע.)

יחיאל:

(קומט אָן צו לויפן) (זאָגט הספדים)

דער קעניג, דער נביא געשטאָרבן!
אָבער די לערע, פאר וועלכער ער האָט געליטן,
וועט לעבן אייביק... והיה באחרית הימים...

פאָרהאַנג.

ע נ ד ע.

■■■■■■■■■

## באַמערקונגען.

די אידעע פון דער דראַמע „קעניג שאול" איז אַ סאָציאַלע.

אויפן פאָן פון סאָציאַלע געשעענישן וויקלט זיך אָפּ די פּערזענלעכע טראַגעדיע פון שאול המלך. אין קאַמף, אַלס טרייער תּלמיד פון שמואל הנביא, פאַר די סאָציאַלע אָנשויאונגען פון די נביאים, פאַלט ער אַלס קרבּן.

* * *

די נביאישע סאָציאַלע אָנשויאונגען באַזירן אויף אור־טראַדיציעס פון די יידישע וואַנדער־שבטים אין דער אַראַבּישער וויסטע, אַלס קאָלעקטיווע איינהייט.

דער יהוה קולט, אַלס טרעגער פון די טראַדיציעס, קומט אין לאַנד כנען אין קאָנפליקט מיט דער כנענישער ציוויליזאַציע.

* * *

סיי שמואל אַלס שופט אנביא, סיי שאול אַלס קעניג אנביא, מוזן ביידע רוימען דעם פּלאַץ פאַר די ניי אָנגעוואַקסענע סאָציאַלע כחות, אין יידישן לעבּן גופא, וועלכע טענהן: „נהיה ככל הגוים".

* * *

פון דעם קוק־ווינקל דאַרף אויפגעפאַסט ווערן די היסטאָרישע קאָנצעפּציע פון דער דראַמע. כאָטש היסטאָרישע פאָרשונגען זענען נישט די אויפגאַבּע און ציל פונם דראַמאַטורג.

* * *

נישט די טראַגעדיע פון שאולן איז דער ציל פון דער דראַמע, נאָר די אמונה אין דעם נביאישן „באחרית הימים". דער אטריבּוט היסטאָרישע דראַמע דאַרף פאַרשטאַנען ווערן אַזוי:

אויסצוגעפינען די חיסטאָרישע ליניע, וואָס ציט זיך פון די אור־אור־אַלטע צייטן פונם יידישן פאָלק, בּיז אויפן היינטיקן טאָג.

אמת היסטאָריש איז נאָר דאָס, וואָס ווירקט אין לעבּן בּיז היינט.

* * *

דאָס לידל, וואָס זינגט די דינסט פון דער וואָרזאָגערן אין ערשטן אַקט: „זעט בחורים אַלע" א.א.וו. „אשת חיל מי ימצא", וואָס קיש זינגט אין צווייטן אַקט. „אני ישנה ילבי ער" וואָס אחינועם זינגט. און דער געזאַנג און טאַנץ פון „באחרית הימים" אין דריטן אַקט, אילוסטרירן דעם אויבּן אַרויסגעזאָגטן געדאַנק.

זיי זענען לעבּנדיקע געגנוואַרט און אמת געשיכטע. אור לידער פון די עלטעסטע צייטן, וואָס לעבּן אין פאָלקס־מויל בּיז אויף היינט. די אמונה אין באחרית הימים בּאַגלייט ווי אַ פייערדיקער זייל דאָס יידישע פאָלק אין אַלע זיינע היסטאָרישע עפּאָכן און איז אונזער לעצטע האָפנונג בּיז היינט.

* * *

געשריבּן איז די דראַמע אין אַ פאָלקס־שפּראַך, זי זאָל ווערן אַ פאָלקס־שטיק, צו דעם געהערט אויך דער גראַם, ווייל דאָס איז פאָלקס־נוסח.

---

## תקון טעות

זייט 78 שורה 5, שטאַט און זיך — אין זיך

〃 95 〃 1, 〃 קרענק — קרענקונג.

